חיים זעלצער

# זיבן פון איין שיף

באַלאַדעס און באַלאַדיש




פאַרלאַג „ישראל־בוך"
הילפספאָנד פאַר יידיש־שאַפונג
תל־אביב, תשמ"ב — 1982

CHAIM ZELTZER
ZIBN FUN EIN SHIF
POEMS

Publishing House Israel-Book, Tel-Aviv, P.O.B. 1777

חיים זעלצער
זיבן פון איין שיף
באַלאַדעס און באַלאַדיש

פאַרלאַג „ישראל־בוך“, תל־אביב, איתמר בן־אבי 4
הילפסםפאַנד פאַר יידיש־שאַפונג



**Printed in Israel, 1982 נדפס בישראל,**

דפוס „אורלי“ — פרידמן, תל־אביב, טלפון: 332062

## דעם ליכטיקן אָנדענק פון מײַן פרוי פייגע — איר קול:

האָב נישט קיין פּאַראַבל — דאָס האָט מיר געפעלט! —
זאָגן כ'זאָל דיר דעות אַזש פון יענער וועלט;
עצות זאָל איך געבן: וואָס און ווער, און ווען,
וואָס די צונג זאָל רעדן, שווײַגן זאָל די פען.
נאָר געדענק: די זאַמלונג וואָס דו גרייטסט צום דרוק,
(נישט דערוואַרט זיך) כאָטשבי מיט איין אויג אַ קוק,
פון דער זײַט, פון דאָרטן, ווי עס זעט נאָר אויס.
ווײַטער — גאָרנישט. סײַדן אויף מײַן שטיין אַ רויז.

# די בלינדע נאַכט

א

די באָבע האָט געוואָרנט די אייניקלעך: קינדער,
פאַרגעסט נישט — די הײַנטיקע נאַכט איז אַ בלינדע.

אַפילו אַ קוק טאָן מע טאָר נישט אין פענצטער —
עס בלאָנקען אַרום אין די גאַסן געשפּענסטער.

זיי זוכן און נישטערן — ווען זיי כאַפּן
קלעפּן זיי צו צו דער פּלייצע אַ לאַטע...

איצט זוכן זיי, קינדערלעך, עופעלעך קליינע
מיט אייגעלעך קלאָרע, נשמהלעך ריינע.

זאָל היטן דער בורא. זײַט, קינדער, געוואָרנט —
אַפילו אין פענצטער אַ קוק טאָן מע טאָר ניט.

ב

די אייניקלער זיצן אין ווינקל באַהאַלטן
מיט רוקנס צום פענצטער. נאָר נישט אויסגעהאַלטן

האָט איינער, דאָס ייִנגעלע — סאַמע דער קלענסטער —
אַ בליק דאָך געוואָרפן צום פינצטערן פענצטער.

האָבן שדים פון שטוב אים אַרויסגעצויגן,
באַשוירן די פאות, פאַרבלענדט זײַנע אויגן,

פאַרשלעפּט אין אַ קלויסטער, געבראַכט פאַרן גלח
און שמעקן געגעבן אים טרייפענעם ווײַרעך —

געהייסן — פאַרקויפן ער זאָל די נשמה,
די מאַמע פאַרגעסן און בײַטן דעם נאָמען.

ג

געשטעלט אויף די קני אים סע האָבן ערלים
און קושן באַפוילן דעם הילצערנעם צלם.

ער האָט נישט געפאָלגט — האָבן גויִים דעריבער
פאַרשפּאַרט אים אין קעלער ווי שמשון הגבור.

דאָרט איז ער געוואַקסן, געוואָרן אַ גרויסער...
פון פינצטערן קעלער קאַיאָר קומט אַרויס ער,

ער גייט איבער גאַסן און קלאַפּט מיטן שטעקן —
דער בלינדער צו תפילה און תורה טוט וועקן.

און איידער מען זעט אים מיט לאַטע מיט געלער
פאַרשווינדט ער ביז מאָרגן אין פינצטערן קעלער.

# באַלאַדע פון מיַין זיידן הקדוש יחיאל

אין טויערן פון שחרית באַוויַיזט זיך דער זיידע
און וועקט אויף די טעכטער און זין זיַינע דריַיצן :

— שטייט אויף ווי די לייבן לעבודת הבורא,
קומט, לאָמיר צעעפענען די אַנדערע טויערן !

דער זיידע טריַיבט אונטער : — נו, פריילעכער, קינדער,
צעעפנט די טויערן פון שפע און ברכה —

די הערצער צעעפנט פאַר צדקה און חסד,
צעפראַלט שערי־יושר און שערי־ישועה — — —

אויף שוועל פונעם טויער
פון רויטן יאָרהונדערט
באַגעגנט דעם זיידן
די רוצחישע האַק...

צעשפּאָלטן אויף צוויי
און אויף פיר,
און אויף זעכצן
צעטיילט ער זײַן בלוט,
זײַן לײַב
און זײַן לעבן:
יחיאל אַריה־לייבס,
יחיאל פּעטער איצלס,
יחיאל חנה־ביילעס,
יחיאל שלום־מאַנעס,
יחיאל באַסיע־פּריוועס,
יחיאל מומע ליבעס,
יחיאל משה־הערשנס,
יחיאל פּעטער פישלס,
יחיאל יאָסל־לאהקעס,
יחיאל פּעטער בערישס,
יחיאל לייבל־ציפּעס...

— אים צו לענגערע יאָרן
מײַן ברודער יחיאל
בן אליעזר.

— דער זיידע הקדוש
יחיאל בריטשאַנער
צעטיילט האָט זײַן נאָמען
מיט ברייטער האַנט.

# באַלאַדע וועגן מײַן טאַטן און געאָרגע שופּט

צו מײַן טאַטן אין קראָם פלעגט אַרײַנקומען אַ קונה —
דער מערדער פונעם זיידן הקדוש יחיאל הי״ד...

מײַן טאַטע געוואָרן איז אויף דער עלטער
אין קראָם אין אייגענער אַן אָנגעשטעלטער —
דאָס קרעמל געוואָרן איז זײַן באַלעבאָס;
פאַרקויפט ער אַ ריסקל,
אַ קאָסע,
אַ שלאָס.

אין קראָם קומט צו גיין אַ באָרוועסער פויער
און ווײַזן ער הייסט אַ שלאָס פאַר זײַן טויער.
ער שרײַט אויף מײַן טאַטן:
— ברע לייזער, ביסט בלינד!
אַ שלאָס וויל איך קויפן —
דו ווײַזט מיר גאָר הינט.

ענטפערט מײַן טאַטע:
— זײַ מוחל, געאָרגע,
אַזוי וועלן אויסזען די שלעסער פון מאָרגן;
פאַרכאַפּן די וועלט וועסטו, ווערן אַ גביר —
וועלן די וועלפּהינט היטן דײַן טיר...

אַוועק איז דער פֿויער און קומט באַלד צוריק,
ער עקבערט דעם טאַטן מיט שטאָלענעם בליק —

אַצינד אַ באַשוכטער, אַ נאַר־וואָס ראַזירטער,
געאָרגע — אויס פֿויער,
געאָרגע איז ריכטער
מיט קאָסע אין האַנט
אין ערגעצוווּלאַנד.

— מירן אויסראָטן — שרייַט ער — פֿון פֿעלד די בוריאַנעס!
— מיך מיינסטו, געאָרגע?
— מאַך נישט קיין טענות־
דעם שלאָס נעמסטו מיט, פֿאַרגעס נישט דעם ריסקל!
...און ס׳רינגלען אַרום מייַן טאַטן די ביקסן.

— פֿאַר וואָס? — פֿרעגט דער אַלטער אין שפּיזן געפֿלעכט.
— ס׳איז אונדזער געזעץ טאַקע שטרענג, נאָר גערעכט,
זאָגט געאָרגע און שליסט צו מייַן טאַטן דאָס מויל —
דאָס וואָרט האָט די ביקס, דאָס לעצטע — די קויל...

מיטן שלאָס אויף די לעפּצן, מיטן ריסקל אויפֿן אַקסל
אַוועק איז מייַן טאַטע און וועגן געפֿלאַסטערט,
און גריבער געגראָבן, און קברים פֿאַרשאָטן,
אין שנייען געזונקען, און בלאָטעס געקנאָטן —

געקאָרטשעוועט וועלדער,
און שטאַמען באַשניטן —
אין ווייַסן געפֿריר,
אין פֿראָסט אין צעגליטן —
מיט חשק געהאָרעוועט האָט ער, געטרייַ
און ס׳האָט אים די הייליקע פֿראַצע באַפֿרייַט.

אָט לויפט ער אַהיים און פאַרשווינדט אין אַ גרוב —
דערשיינט אינעם בילד אויף דער וואַנט,
אין מיין שטוב.

פרעג איך אים:
— טאַטע, ווּ ביסטו געווען?
שווייגט ער, נאָר ס׳ענטפערט מיין אייגן געוויין...

— וואָס יאָמערסטו, שוטה, וואָס כליפּעסטו, קינד,
מיר האָבן דאָס אייביקע לעבן פאַרדינט — — —
נאָר אונדזערע יורשים — נישט איר — וועלן קומען,
דורות נישט טויבע, נישט בלינדע, נישט שטומע.

פרעג איך אים:
— טאַטע, און וואָס טוט מען היינט?
— שוינט נישט די שונאים,
און היט אייך פאַר פריינט.

פרעג איך אים ווייטער:
— און וואָס וועט זיין מאָרגן?
ער לעבט נאָך, דיין שופט,
דער רויטער געאָרגע — — —
— — — — — — — — —

די וועלפהינט אין דרויסן זיך האָבן צעבילט —
צעפאַלט זיך די וואַנט, צערונען דאָס בילד.

מאָל איך אַ קאָסע,
אַ שלאָס
און אַ ריסקל
און כ׳זאָג נאָכן טאַטן אין מיטן וואָך יזכּור.

## אויפן בוידעם — אַ יאַריד

אויפן בוידעם וואַכט דער שפּין, לויערט ער אויף פליגן.
קלעפּן זיי אויפן יאַריד אַרום אַ ליימען קריגל —
האָניק קלאָרן ווי בורשטין האָט געבראַכט אַ פּויער.
שטייט דער גוי — אַ ווײַסע באָרד, אויגן — הימל־בלויע.

גייט אַ ייִדענע פאַרבײַ (האָניק־לעקער באַקט זי) —
קויפט זי האָניק, הייוון, מעל; אַלץ וואָס מען באַדאַרף צום
באַקן זיסוואַרג אויף אַ שׂמחה: מאַנדלער, קיכלער, לעקער...
פרעגט זי: — מעד? אַ שאָ קאָשטויע?...
שטייט ער אויפן מקח.

פּלוצים זאָגט ער: — טאַק בערי. ניעט, גראָשיי נע טרעבאַ.
שטשע טעבע יאַ פּרינעסיו, יאַק פּרידו דאָ טעבע...
זלאָטאַ, זיראָנקאָ טי מאָ׳יאַ, דאָנקאָ מאָ׳יאַ, זלאָטאָ...
זאָגט די ייִדענע צום ערל: — כ׳האָב געהאַט אַ טאַטן —

ער איז שוין אויף יענער וועלט, און די מאַמע אויכעט.
זי אַ קליינינקע געווען, און דער מאַן — אַ הויכער.
פינעף מיידעלעך געבאָוועט, פינעף מיַינע שוועסטער:
חנטשע, גיטעלע און ראָכטשע, צירעלע און אסתּר —

איך — די עלטסטע, איך די העלסטע... זלאַטקע —
זאָגט דער אַלטער —
כ׳קען דיַין מאַמען... בעת דער שחיטה האָט מען זי באַהאַלטן
אויפן בוידעם... אַ יאַריד איז אַצינד אַ שוואַכער...
נעם דעם האָניק... טאָכטער מיַינע, ביסט נישט פון די ריַיכע.

זלאַטקע, מיַין בלויי אויגיקע, כ׳האָב געקענט דיַין זיידן,
און די באָבע — אומגעקומען זענען דעמאָלט ביידע
אויפן בוידעם... אַ יאַריד היַינט איז אַ געמיינער...
אַלט בין איך און שוואַך, און קראַנק — ס׳טרוקענען די ביינער.

און דאָס בלוט אויף מיַינע הענט איז נישט אָפּגעוואַשן —
סע פאַרפאָלגן מיך די שאָטנס און דאָס בילד דאָס סטראַשנע
אויפן בוידעם... אַ יאַריד — נישט קיין וואָזשנער, זלאַטע...
כ׳האָב געקענט דיַין מאַמען, טאָכטער... ווי אַ מאַן... דיַין טאַטע...
— — — — — — — — — — — — — — — — —

אויפן בוידעם אַ יאַריד — פליגן... שפינוועבס... שפינען...
און דאָס ווערטל... ווער קאָן זאָגן, וואָס ליגט דאָ דערינען?
האָניק קלאָרן ווי בורשטין האָט געבראַכט אַ פּויער...
שטייט דער גוי — אַ וויַיסע באָרד, אויגן הימל־בלויע.

# באַלאַדע וועגן יחיאל פּאַטלאַזשאַן

פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אים אויסגעשטאָכן די אויגן,
נאָר נישט דערקוילעט — דער בלינדער יחיאל איז
געשטאָרבן אין טיפן עלטער...

דאָס ליכט פון די אויגן צוגערויבט האָט מען אַפריער,
נאָר יחיאל פּאַטלאַזשאַן האָט די רוצחישע האַק אויסגעמיטן.
אַ יובל געוואַרט האָט זײַן אָרט אויפן הייליקן אָרט —
צווישן הונדערט מצבות אַ ליידיקע קרקע אין מיטן.

געציטערט האָט איבער די דעכער אין היימישער שטאָט
זײַן עלנטער שטערן אין הימל ווי אַ בלוטיקער טראָפּן.
יחיאל האָט געקענט אַלע ברוקשטיינער אונטער די פיס,
ביז לעצטער רגע איז געהאָנגען די האַק אים צוקאָפּן.

אין שחיטה־שטאָט האָבן שוין שטערנדלעך רויטע געברענט,
„געלויכטן די זון איבער פעלקער פון בירא ביז טאַלין" —
אין קעשענעוו האָט מען באַגלייט רעב יחיאל פּאַטלאַזשאַן
און נאָכגעגאַן איז מיט דער פאָן דער שאָטן פון תּלין.

אין הימלען האָט זיך גערודערט — רעב יחיאל סגי־נהור!
אַרויסגעגאַן איז אים מײַן זיידע דער קדוש אַנטקעגן:
— יחיאל? — נאָר צוגעלייגט האָט ער אַ פינגער צום מויל.
מיין זיידע פאַרשטייט אויפן ווונק: גלײַכער נישט פרעגן.

— יחיאל? נאָר יחיאל פּאַטלאַזשאַן האָט פאַרביסן אַ ליפּ
און פירט מיט דער האַנט איבערן האַלדז עלעהיי מיטן חלף.
— יחיאל, דער צאַר ניקאָליי איז נישטאָ — איז דאָר גוט!?
נאָר יחיאל שרײַבט אין דער לופטן אַ „לא" מיט אַן אַלף...

— יחיאל, געווען ביסטו בלינד און איצטער אויך שטום;
די צונג, מײַנע שונאים, צי האָבן זיי דיר אויסגעשניטן?
און יחיאל פּאַטלאַזשאַן שטעקט אַרויס אַ געשטעמפּלטע צונג —
לאמור — שווײַגן באַפוילן סע האָבן די רויטע שליטים.

נאָר געטײַטלט האָט ער און געטײַטלט מיטן פינגער אַראָפּ,
געוויזן דערנאָך ווי שטערן מע ציילט אין די פּאָלעס.
האָט מײַן זיידע פאַרשטאַנען — איבערגעציילט און געזאָגט:
— כ'פאַרשטיי, ס'איז אָדום, דאָס לאַנד פון דרײַצן מזלות.

(ווײַל חוץ דעם טוץ גליקן וואָס איטלעכן גאָט האָט באַשערט
מיט אַן איבעריקן מזל די מענטשן דאָרט ווערן געבוירן;
אַ בלוטיקן שטערן טראָגט איעדער ווי לאַסט ביז גרוב,
ווי אַ קאַטאָרזשאַן זײַנע קייטן, — זאָל היטן דער בורא).

האָט יחיאל פּאַטלאַזשאַן געשאָקלט אויף יאָ און אויף ניין,
לאמור — דו האָסט מיך פאַרשטאַנען און דאָך נישט פאַרשטאַנען.
זיי האָבן דײַן קבר צעשטערט, און דעם הימל באַרויבט;
זיי קומען צו אונדז מיט דער אַלטער פאַרזשאַווערטער טענה.

האָט מײַן זיידע געפרעגט: — יחיאל, דער צאַר ניקאָלײַ?
אַ יובל זינט ער איז נישטאָ. נישטאָ שוין דער פּגר.
האָט יחיאל פּאַטלאַזשאַן אַ וואָלעכיש ווערטל געזאָגט:
„דער וואָלף בײַט די פעל, ער בײַט נישט דעם שטייגער".
— — — — — — — — — — — — — — — —

אין הימלען האָט זיך געזעגנט: רעב יחיאל פּאַטלאַזשאַן!
אַרויסגעגאַן זענען אים הונדערט קדושים אַנטקעגן...
אין קעשענעװ שרײַען די קישנס צוקאָפּן אין שלאָף,
אין שחיטה־שטאָט שאַרן זיך שאָטנס פון שטילער עקדה.

# ווײַסע אַקאַציע — שוואַרצע באַלאַדע

פאַרשאָלטענע שטאָט קישיניאָוו,
מײַן ליפּ פון זידלען דיך מיד איז
און קוויטיקע קראָמען פון זשידעס...
**א. ס. פושקין**

מסתמא געזען האָסט דו, רוסישער דיכטער, דעם ייִדישן מײַדן,
אין אַלטשטאָט — מײַן אָרעמען שבט אין פּײַן און אין לײַדן —
געוועלבער און קראָמען, און הײַזקעס צעקרומטע אין ליקן,
נאָר — צו דײַן דענקמאָל געזען האָסטו קומען ווילדע קאַלמיקן,
באַפרײַטע פון קנעכטשאַפט אודמורטן, קירגיזן, אוזבעקן —
מײַן שטאַם האָט דיך נישט געקומערט, דער וואַנדער־שטעקן...

אין גלות־שטאָט דײַנער באַגעגנט האָסט דו אַמאָל מײַן אורזיידן —
אַפּנים מיט אים האָט דער דיכטער באַוויליקט צו ריידן —
דעם אַלף־בית זײַנעם האָסט דו אין דײַן העפטל פאַרשריבן,
דײַן שינאה צום זקן האָט אויפגעוועקט קריסטלעכע ליבע
צום סלאַווישן פירשט אַלעג, אין הייליקן שלאַכט מיט כאַזאַרן,
וואָס האָבן פון ייִדן און גאָט פון אברהם געלאָזט זיך פאַרנאַרן.

מײַן שבט איז הפקר. די זשידעס — זיי זענען פאַרשאָלטן — — —
דײַן סלאַווישער ברודער מײַן זיידנס קאָפּ האָט צעשפּאָלטן,
מיט זעלבער האַק אַ שײַט האָלץ צעהאַקט פאַר זײַן רוסישער הרובע.
פאַר איטלעכן קאָפּ אים צוגעזאָגט האָט מען אַ זילבערנעם רובל —
דעם המון אָנגערייצט האָבן אַדללײַט, גלייביקע, פּרומסטע — — —
און אָסיפּ שוואַרצן דעם פושקיניסט — ווי קענען אים קומסטו?

געווען איז דער ייִד ענלעך צו דיר, דיכטער, ממש צוויי טראָפּנס.
און אַלץ וואָס געשאַפן האָסט דו — ביי אים אין קאָפּ און צוקאָפּנס.
אין קעשענעוו האָט ער געזוכט, געגאַנגען אויף דיינע שפּורן —
געזאָגט ווי אַ וואַסער ער האָט דיינע לידער — איטלעכע שורה —
געפּאָרשט און מפרש געווען דיין וואָרט האָט דער רוסישער רש״י,
זיין ייִדיש האַרץ האָט היימיש און פּשוט גערופן דיך סאַשע...

אין קעשענעוו שטייט ווי אַן עדות אין גאָרטן דיין דענקמאָל,
און „פּושקינזאָן" — אָסיפּ שוואַרץ גייט צום דיכטער און דענקער;
ער קומט ווען עס בליט, און אָסיען ווען ס'רעגנט און מראָסיעט —
ער לייענט דיינע לידער, דיכטער, דער פּושקיניסט שוואַרץ אָסיפּ,
דער ייִד מיט באָקנבערד גרויע און דער פּעלערינע אויף פּלייצע —
אַ גילגול אין דיין געשטאַלט, געפּורעמט פון הימלישע לצים...

ער שטייט אַ פאַרנייגטער, לעבן דיין דענקמאָל — פאַרוואָס'קעט,
אין רעכטער האַנט דער שטעקן, אין לינקער אַ רויטע אַוואָסקע —
אַ ברויט וועט ער קויפן, צי אַ זעלטענע אויסגאַבע — וועט ער,
דער ייִד — דיר אַ לעבן געשאָנקען, דיין נאָמען פאַרגעטערט...
און אפשר אויף אויסנווייניק זאָגנדיק גאַנץ „יעווגעני אָניעגין"
אויף שליאַכן סיבירער ער גייט, צום אומקום אויף רוסישע וועגן?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

גובערנשטאָט מיינע, ווו פּושקין האָט געלעבט אין פאַרשיקונג —
ווו גאַסן און הייף פון בלוט און פון ווייַן געווען שיכּור —
די וויג פון מיין טאַטן, דער גרוב פון מיין זיידן הקדוש...
אַ טרער? — איז וואָס? — מען איז אויף דער עלטער אַלטמאָדיש;
דיין ווייסער אַקאַציע, די צוויבער־שניי־ביימער־פּאַראַדן —
דער ווייסקייט, מיין היימשטאָט, כ'ווידמע די שוואַרצע באַלאַדע.

## חיה ליפשיץ־גאַס אויפן שיידוועג

צווישן שטערן און מזלות הוידעט זיך דײַן ברוסט,
איבער ברינעמער פאַרשטאָפּטע הענגט דײַן עמער פוסט...

חיה ליפשיץ, כ׳לאָז דיך איבער מיטן ריז אין גאַס.
דיר אַ ליק האָט ער געשאָנקען, מיר — זײַן רויטן האַס.
זע, ער וואַרגט זיך מיט דײַן נאָמען און די שינאה גליט,
ער פאַרטויבט געבעט פון ברידער אין געהילך פון טריט.
זײַן געזיכט איז אויסגעטריקנט ווי אַ גרויער קאָרטש,
זײַנע אויגן — טויטע קוואַלן — שפּעטן פון דײַן דאָרשט.

גיי איך זוכן אַלטע קוואַלן, כאַטש אַ טרונק — אַ לעק...
ביזן פעלדז אין וואַנדער־מידבר פירט אַ לאַנגער וועג:
משה שווימט נאָך אינעם קויבער, פרעהס טאָכטער שלאָפט,
יתרו פאַשעט צווישן דערנער זײַנע שוואַרצע שאָף.
משהס שטעקן איז אַ צווײַג נאָך אויף אַ קרומען בוים
און דער קוואַל פון מי־מריבה ברויזט אין פעלדזן־צוים.

ברומען וועט דאָס פאָלק, וועט פאַלן משהס שטאָק מיט האַסט
און דער קוואַל וועט זיך צעגיסן ווי דעם בוראס כּעס;
ס׳לאַנד זעט משה פון דער ווײַטנס — פונעם באַרג נבו —
און דער נביא וועט פאַרשווינדן אינעם מאָרגן־גראָ.
ער דאָס לאַנד האָט נישט באַטראָטן — נישט געווען באַשערט.
דײַנע ברידער, חיה ליפשיץ, טרעטן אויף דער ערד.

שוועסטער מײַנע, ס׳האָט אַ שטערן אויסגעברענט אומזיסט.
יוגנט מײַנע, איך פאַרלאָז דיך מיט דײַן רויטן ריז...
אויף דײַן ווײַסן האַלדז ווי צוואַנגען זײַנע געלע הענט,
זע, ער וואַרגט זיך מיט דײַן נאָמען, זײַן רציחה ברענט,
חיה ליפשיץ, איך פאַרלאָז דיך מיט דײַן גאַס אין שטאָט,
נאָר דײַן נאָמען איבערפלאַנצן כ׳וועל אין קדושים־סאָד.

## דער ניגון

אַ בלוטיקער חוזק, אַ גיפטיקער שפּאַס —
דער ווינט האָט געהוּידעט אין גאַס אויף דער תּליה
רעב ייִדעלעס פֿידל, רעב בערעלעס באַס.

די נאַכט האָט געכליפּעט, די נאַכט האָט געקלאָגט,
געקוקט פֿון די פֿענצטער פֿון ליידיקע הײַזער,
אין האַרצן געשאָלטן דעם נעכטיקן טאָג.

די שטערן פֿון הייכן אַראָפּ אין דער טיף
און וואַרטן פֿון ברונעם אומזיסט אויפֿן עמער,
אויף קלאַנגען פֿון כּליופֿען און קלינג, ווען עס טריפֿט.

די בלעטער זיך שושקען און ס׳ברעכן די הענט
די ביימער אין הויף מיט צעבראָכענעם פּאַרקן —
זיי האָבן זייער אייגענעם הויף נישט דערקענט.

אַ קלאַפּ פון לאָדן, אַ סקריפּ פון אַ טיר.
פון ווינקל אין ווינקל — מיט קעצענע אויגן —
פון צימער אין צימער אַ מזיק שפּאַצירט.

דער טאָג איז פאַרטומלט, די ווענט זענען טויב.
עס ליגט אַ צעשויבערטע, באָרוועסע שטילקייט
אויף סטעזשקעס און גראָזן, אויף שטיין און אויף שטויב.

פאַרשטאַרצט אויפן בוידעם, פאַרטאַיעט די שרעק.
און ס׳קוקט אַ פאַרקילטער, פאַררויכערטער קוימען
אויף פוסטן־און־פּאַסן צעקנאָטענעם וועג.

צוויי שאָטנס פּאַמעלער, ווי היימלאָזע הינט,
זיך שלײַכן און שטעלן זיך אָפּ בײַ דער תּליה,
ווו ס׳הוידעט דעם באַס און דעם פידל דער ווינט.

עס האָט זיך דער פידל נאָך שטאַרקער צעוויגט,
דער באַס זיך צעקאַטשעט מיט ברוגזן ברומען —
אַ בליץ, ווי אַ מעסער, שנײַדט איבער די שטריק.

עס שוועבן צוויי שאָטנס מיט פידל און באַס
און יאָמערן אויס אין דער באָרוועסער שטילקייט
אַ ייִדישן ניגון אויף חרובער גאַס...

## דער מצבה־קריצער

צו ר׳ מרדכי מצבה־קריצער —
דעם לעצטן פון שטיינערנעם שטאַם —
איז געקומען אַ מאָל אַן אַלמנה
באַשטעלן אַ שטיינערנעם צאַם.

ר׳ מרדכי פרעגט אויס ווי אַ שופט:
געווען איז דער מאַן וואָס און ווער?

אַ שנײַדער?
פאַרטראַכט זיך ר׳ מרדכי
און קריצט אויס אַן אײַזן און שער.

געקומען אַ צווייטע אַלמנה —
דאָס זעלבע ער פאָרשט און ער פרעגט.

— אַ סטאָליער?
פאַרטראַכט זיך ר׳ מרדכי
און קריצט אויס אַ האַמער און זעג.

געקומען אַן אַלמן. ער טרייסט אים
און הערט אויס די ווערטער פון לויב.
פאַרטראַכט זיך ר׳ מרדכי און צייכנט —
ער קריצט אויס צוויי ליכט און אַ טויב.

פאַרקלאָגט זיך אַ מאַן אויפן גורל:
— צען קינדער פאַריתומט די פעסט!
ר׳ מרדכי פאַראייביקט אַ שפּאַרבער
און עופעלעך צען אין אַ נעסט...

אַן אָפּענער ספר — דעם למדן,
דעם כּהן — צום דוכענען הענט,
אַ קוואָרט פּאַר אַ לוי בן לוי,
און עמך האָט ער נישט פאַרשעמט.

געטעסעטע שטיינער סאַראַקער
צעשטערנט האָט ער און צעבליצט,
און לעמפּערטן, הירשן און לייבן,
פּא־נונען און שבחים פאַרקריצט...

אַרײַן אין די יאָרן ר׳ מרדכי —
באַצײַטנס פאַרזאָרגט זיך אַ שטיין,
נאָר ס׳ווייסן נישט ווינטן און פייגל
ווו ס׳רוט זײַן אומרויִק געביין.

געבליבן דער שטיין איז פאַריתומט,
פּ. נ... און דאָס איבעריקע — גלאַט,
און ס׳קומען נישט מער קיין אַבלים
באַשטעלן אַ צאַם אין וואַרשטאַט...

ווען קריעה דאָס פאָלק האָט געריסן
— געקוילעט, פאַרברענט האָט דער דײַטש —
האָט מרדכי אויף אייגענעם שטייגער
די „פּא״־ען און נ״־ען פאַרטײַטשט:

„פּה נרצח״, „פּה נחנק״, „פּה נשרף״.
גייט מרדכי אַרום אויף דער וועלט
און קריצט אויס אויף שטיינער סימנים,
וואָס קיינער האָט זיי נישט באַשטעלט.

# באַלאַדע וועגן פּלעשער־ייִד

ס׳טליִען נאָך אין הימל די לעצטע האַלעוועשקעס.
פון אַש שטייט אויף אַן אביון וואָס זאַמלט פּוסטע פלעשער;
ער נישטערט צווישן חורבות — געפינט ער ווו אַ פלאַש
פון טינט, פון וויַין, פון שמן, אַ פלעשעלע פון י״ש —

אין זעקל אויף דער פּלייצע מיט ליידיקן געקלאַנג
ער טראָגט דעם דאָרשט פון פלעשער, זייער גלעזערנעם געדאַנק.

נאָך מעריב קערט דער אביון צוריק צו זיך אין קעלער,
ער האַלט אין האַנט אַ פלעשל וואָס איז פון שטערן העלער
און שטעלט אַוועק אין ווינקל דעם וונדער פון קרישטאָל —
ווערט ליכטיק אין דער פינצטער, ווערט פריילעך מיט אַ מאָל.

ס׳צעפינקלט זיך אין פלעשל דער רויטער קידוש־ווייַן,
צעשטראַלן זיך מלאכים אין שבתדיקער שייַן.

ער נעמט אַרויס פון זעקל אַ פלעשעלע אַ קלענערס —
דערשייַנט זייַן אַלטער שכן, דער סופר קלמן־הענעס.
אים גיסט ער אָן אין טינטער ביז אין די ברעגעס טינט.
דער גראָוער סופר דאַנקט אים און שמייכלט ווי אַ קינד;

דעם טינטערס דאָרשט געבראָכן, די פעדער אויסגעלייזט —
באַקומען האָט אַ תיקון דעם סופרס אלף־בית.

דערנאָך ער קריגט פון זעקל אַ פלאַש וואָס שמעקט מיט זומער
אין טאָל פון הר־הכרמל, מיט פרייד פון יין־המשומר.
עס שווימט צו אים אַ בעכער אין אויסגעשטרעקטער האַנט —
ער פילט אים אָן... צעפראַלט זיך אַ טירל אין דער וואַנט —

באַווייַזט זיך דער לוויתן, דערשייַנט דער שור־הבר,
ווייַל ס׳איז משיחס צייַטן, און מיר — משיחס דור?

דער אביון נעמט דאָס פלעשל פון קלאָרן שמן־זית
און זוכט אָפּ די מנורה אין טיף פון הר־הבית,
ער צינדט אָן זיבן שטערן — אַ שטערן אין אַ ריער,
נאָר אַלע זיבן שטערן פאַרלעשט זייַן הייסע טרער...

שטייט־אויף די וועלט צו שחרית, מיט טרערן זיך באַוואַשט —
עס טליִען האַלעוועשקעס, דער ייִד שטייט אויף פון אַש.

## באַלאַדע וועגן אַלט־געבאַקענע חלה

שטייט דער בלינדער מיט פּושקע אין גאַס
און וואַרט אויפֿן בלעכענעם קלאַנג.
לויפֿט אַ גוט־ברודעריש ווינטל פֿאַרבײַ
און ס׳קלינגט אַ גינגאַלדיקע זאַנג.

קאָרנבּרויט האָט זיך דעם בלינדן פֿאַרשמעקט;
אַ כאַטקעלע רויכערט אין פֿעלד,
אַ פֿײַערל פֿינקלט און ווינקט אין דער ווײַט —
ווער זאָגט אַז ער זעט נישט די וועלט?

די בלעכענע פּושקע ער נעמט פֿון דער ערד,
דעם שטעקן פֿאַרקלעמט ער אין האַנט,
ער קלאַפּט מיט די אויגן אין שטיינערנעם ברוק
און טאַפּט מיטן שטעקן די וואַנט.

רבונו־של־עולם, פֿיר מיך, — ער בעט —
פֿיר מיך אַרײַן און אַרויס
פֿון גאַס אין גאַס, פֿון שטאָט אין שטאָט,
ביז קומען איך וועל צום הויז

מיט לויטערע שויבן און שבת־ליכט־חן,
צום פֿענצטער מיטן ברייטן קאַרניז,
ווו טײַבעלעך שרײַבן ווינטער אַ לויב
אויפֿן שניי — מיט פֿאַרפֿרוירענע פֿיס;

ווו הונגעריקע נשמות קומען פֿון גרוב
צום פֿענצטער דרײַ מאָל אַ טאָג,
מאַכן המוציא איבער אַ קאָרקעלע ברויט
וואָס וועגט אַ פֿוד אויף דײַן וואָג.

— פּאָטער אין הימל, שטראָף נישט דײַן פּאָלק
וואָס פאַרגעסן האָט דעם ערלס „גאָטהעלף !"
ווען ערב שבת האָט אַ ייִד אויף דער שוועל
צעהאַקט אַ שײַט האָלץ אויף דער העלפט,

די ראָשטשינע וואָס האָט אין מולטער געיוירט
דעם ניגון פון זמירות אין זעט —
און „צור משלו אכלנו" בײַם טיש,
ווײַל צעבריקעוועט איז מען און פעט ;

אויף סמיטעניקעס עיפּושט, אין רינשטאָקן קלאָגט
דײַן גענאָד פון לאַנעס ווי גאָלד —
אַלט־געבאַקענע חלה, ווו קומט זי אַהין ?
אָ, שטראָף נישט, פאַרגיב דײַן פּאָלק,

אין זכות פון זקנים וואָס בענטשן דיך
און שאַרן אין דלאָניעס פון טיש
ווי אַש פון מזבח אַ קרישקעלע ברויט
צי אַלט־געבאַקן, צי פריש — — — —

און ריינע נשמות וואָס קומען קאַיאַר
פון טבילה אין מיקוואָות פון בלוט,
דערקוויקן דאָס האַרץ מיט אַ ברעקעלע ברויט
וואָס וועגט אויף דײַן וואָגשאָל אַ פוד,
— — — — — — — — — — — —

וואָס וועגט אויף מײַן דלאָניע אַ פוד.

# אין דער טיף פונעם שפּיגל

משה אַלטמאַנען

א

אין קיינעמסלאַנד ערגעץ נישט ווײַט פון דער גרענעץ
געווען איז אַ שטעטל די גרייס ווי אַ גענעץ.

געלעבט האָט אין שטעטל אַ ייִד אַ בן־תּורה,
באַפאַלן איז אים אין אַ טאָג מרה־שחורה.

פאַרוואָגלט דער שלאָף, דעם בטחון פאַרלוירן —
די באָרד און פאות באַצופּט און באַשוירן...

ב

געקומען צו זיך — אין דער טיף פונעם שפּיגל
דערזען און פאַרשטאַנען — ער איז נישט קיין היגער.

פאַרקלעמט ער דעם שטעקן, פאַרגאָרטלט די פּאָלעס,
אַוועק אין דער וועלט אַרײַן אָפּריכטן גלות.

געגאַן באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ, זיבן וואָכן —
האָט ער געפונען אַ שטיקל בטחון...

ג

און זיבן מאָל זיבן און נאָך אַ מאָל זיבן —
עס האָט אים דער אומרו אויף שליאַכן געטריבן.

און ווידער געוואָרפן, געיאָגט און געטראָגן —
דאָרט, ווו געגעבטיקט, פלעגט ער נישט טאָגן.

פאַרבײַ זענען יאָרן... אויף היימישע וועגן
אַ האַלבער בטחון געקומען אַנטקעגן.

ד

געגאַן איז ער ווײַטער אין רעגנס און שנייען,
געוואָגלט אַן אויפהער אין גליטש און זאַווייען.

ווען ס׳האָבן אים וועגן לגמרי צעבראָכן —
אין האַרץ זיך צעפלאַקערט זײַן פולער בטחון.

האָט ער צעריסן דאָס נע־ונד־צעטל
און שפּאַנען געלאָזט זיך צוריק אין זײַן שטעטל.

ה

געשטעלט האָט ער טריט צעפרילינגטע, גרינגע —
דער וועג האָט געאײַלט, די צײַט זיך געריגגלט,

אַ זומער, אַ ווינטער — אויף פסח בלי נדר
אַהיים וועט ער קומען און פּראַווען דעם סדר...

אין דר׳היים נישט געפונען קיין ציגל אויף ציגל.
באַזעצט זיך ער האָט אין דער טיף פונעם שפּיגל.

## אַ זעלטענע מציאה

געהאַלטן האָט נאָך די מלחמה אין מיטן —
געברענט האָבן שטעטלעך, געגרויבערט זיך חורבות,
פון הונגער און קעלט האָט דער עולם געליטן,
געווען איז מען נאַקעט, געגאַן איז מען באָרוועס.

כלערליי שוכוואַרג פאַראַן אויף דער וועלט:
לעדערנע שטיוול, הילצערנע קלאָפּערס,
וואַלענקעס — שיצן די פיס פון דער קעלט...
בנציון פאַרהאַנדלט אין מאַרק אַ פּאָר טאַפּקעס.

געקומען אַהיים און באַטראַכט די מציאה —
ער איז נבהל געוואָרן — די טאַפּקעס פון פּאַרמעט.
אַוועק איז צו פריינד זיך באַראַטן בנציון.
זיי האָבן געפּסקנט: „זײַ, באַנציע, קיין נאַר נישט —
בעסער ווי גאָרנישט...“
דער ווינטער אַוועק —
ווּעסנע און זומער אַראָפּגעבראַכט רעגנס...
טרעפט זיך ס'פאַרכאַפּט אים אַ זליווע אין וועג —
די פּאַרמעטענע טאַפּקעס פאַרנעצט אונטער רעגנס.

אַ וואַרעמער רעגן — דער אומגליק נישט גרויס איז —
די טאַפּקעס אין האַנט, די פיס אויף דער פּלייצע;
אַראָפּ איז די פאַרב, נאָר פאַרבליבן די אותיות,
דערקענט ער די פּסוקים פון פּרשה ויצא — — —

געקלערט האָט בנציון, דעם קאָפּ זיך געבראָכן,
אַנדערע טאַפּקעס — אַ שווערע הלכה — — —

פּרוּווט ער מיט שוואַקס די טאַפּקעס פאַרפאַרבן —
ווילן די קליינינקע אותיות נישט שטאַרבן.

נעמט ער מיט פעך און מיט לאַק זיי באַדעקן —
נאָר נישט געלאָזט זיך די פסוקים פאַרמעקן...

איז ער אַוועק צו אַ שוסטער פון וואַרשע —
אויך נישט געלונגען צו פאַרדאַרבן די פרשה.

איז ער אַריַין צו אַ מייַנסטער פון ווילנע.
זאָגט אים דער סנדלר: ער קאָן נישט און וויל נישט.

האָט ער אַ היימישן שוסטער געטראָפן —
איז יענער פון אים ווי פאַר פייַער אַנטלאָפן...

זעט ער בחוש — דעם גורל נישט רייצן,
טאַפּקעס אין האַנט, די פּיס אויף דער פּלייצע;

וועגן צעוויקלען צו שטעטלעך פאַרברענטע —
ברענגען צו קבורה די שמות פאַרשענדטע.

טרעט ער אויף שליאַכן — באַגלייט אים אַ כמאַרע
און זי פאַרפירט אים אויף שטעגן צו יאָרן...

טרעפט ער דעם טראַקט — קומען ווינטן אַנטקעגן
און זיי פאַרפירן צו אויוונס די וועגן...

גייט ער אַרום פון באַגין ביז באַגינען —
קומט ער אין שטעטלעך, געפינט נישט קיין מנין.

...פון שטעטל צו שטעטל באָרוועסערהייט
מיט טאַפּקעס אין האַנט ער גייט און ער גייט.

# באַלאַדע וועגן עלנטן גרעבער

א

בער מים־חיים האָט ער געהייסן —
דער עלנטער גרעבער פון חברה־קדישא.
ער פלעגט נאָך דער אַרבעט הינטערן שטעטל
קערניצעס גראָבן.

נאָך מעריב פלעגט ער נעמען דעם ריסקאָל,
אַרויסגיין צום שיידוועג, דליבען און גראָבן
ביז נאָך חצות, און אַהיים גיין פלעגט ער
כאַפּן אַ דרימל.

צו מאָרגנס געקומען און ווידער געגראָבן,
ביז נישט אַראָפּ איז אין גרוב די לבנה.
ביז נישט פאַרנעצט די פיס האָט דער גרעבער
בער מים־חיים.

וואַסער — שעפּן מען דאַרף עס פון ברונעם —
אַוועקשטעלן וועט ער אַ הילצערנעם בושל,
אַן אײַזערנע קייט וועט שיקן און ברענגען
דעם בלעכענעם עמער.

רעב בער האָט געפונען דרײַ חשובע ייִדן —
האָט איינער געשאָנקען געהילץ פאַרן בושל,
אַן אײַזערנע קייט איז מנדב דער צווייטער,
אַן עמער — דער דריטער.

שטייט שוין אַ בושל, מתּנת פּלוני בן פּלוני,
הענגט שוין אַ קייט — נדבת פּלוני אַלמוני,
אַ בלעכענער עמער לזכר פּלמוני, וועט שעפּן
דאָס וואַסער פון ברונעם.

ב

מען האָט אים גערופן רעב בער מים־חיים
דעם עלנטן גרעבער פון חברה־קדישא —
אויפן אַלטן בית־עלמין האָט ער געגראָבן
גריבער פאַר מתים.

נאָך מעריב נעמען פלעגט ער דעם ריסקאַל,
געפינען אַ שיידוועג, גראָבן און זאָגן
ביז נאָך חצות — געזוכט האָט דער גרעבער
לעבעדיק וואַסער.

ביז נישט אַראָפּ אין גרוב זענען שטערן,
ביז נישט גענידערט צו אים האָט די שכינה,
ביז נישט דערהערט בליופען און כליפּן
אונטער די קנאַפּלען...

בוקן זיך איבער די ברינעמער בושלען
אין אָנדענק פון פּלוני בן פּלוני פּלמוני,
און שטיינערנע קאָריטעס שטייען לזכר
פּלוני בן פּלוני.

דאָרשטיקע וואַנדערער קומען אויף וועגן —
קלינגען די אײַזערנע קייטן לזכר,
שעפּן די בלעכענע עמערס פון קוואַלן
לזכר די קדושים.

טרינקען די דאָרשטיקע לעבעדיק וואַסער
פון ברונעמער וועלכע געגראָבן נאָך מעריב,
שפּעט אין דער נאַכט דער פאַרגעסענער שליח
פון חסד־של־אמת.

## באַלאַדע וועגן שכן איוואַן

איז געקומען אַ ייִד אין דער שטאָט קאָלאָמיי,
איבער לענדער און ימען — אויף קבר אָבות.

האָט ער נישט געפונען דעם צאָם, נישט דאָס אָרט,
פאַרלאָזט דעם בית־עולם דער זקן מיט גאָרנישט.

שפּאַצירט ער אין גאַסן פון היימישער שטאָט,
זעט ער דאָס הויז פון זײַן קינדערישן חלום.

גייט ער פאַרבײַ און קערט ווידער צוריק —
רופט אים די שוועל, דער אָנהייב פון וועגן,

לויפט ער אַרײַן, ער קלעטערט אויף טרעפּ —
דערקענט ער די טיר און די אַלטע מזוזה.

ער קלאַפּט אָן אין טיר — עפנט מען אויף,
שטייט אויף דער שוועל אַ שכן אַ אַלטער.

האָט ער דערזען דעם וועכטער איוואַן — דער
וואָס געוווינט האָט אין קעלער־שטוב אונטן.

זעט ער אין שטוב — ס'הענגט אויף דער וואַנט
דאָס חתונה־בילד פון טאַטע מאַמע.

זאָגט ער צום ערל: — גיב מיר דאָס בילד,
אַראָפּנעמען וויל איך פון טיר די מזוזה.

פרעגט אים איוואַן: — ווער ביסטו, מענטש?
ענטפערט דער ייִד: — דאָ בין איך געבוירן.

האַלדזט אים דער דער אַלטער איוואַן און זאָגט:
איך האָב געוווּסט, דו קומען וועסט, יאַנעק.

דײַן טאַטנס ספרל האַלט איך אין שראַנק —
געראַטעוועט האָב איך זײַן ביבל פון פײַער.

דײַן מאַמעס לײַכטער האָב איך געפּוצט,
דאָס מעשענע שטייסל האָב איך באַהאַלטן.

דאָס פּליושענע זעקעלע האָב איך פאַרהיט —
דעם זיידנס שפּאַקולן, זײַן טלית און תפילין.

נעם דיר דאָס בילד מיט דער גילדענער ראָם,
אַפילו די טשוועקעס פון ווענט וועסטו נעמען.

אַלץ גיב איך דיר אָפּ, נאָר איינס בעט איך דיך:
רײַס נישט אַראָפּ פון דער טיר די מזוזה —

זי האָט מיך געהיט און היטן זי וועט
פון שדים און רוחות פאַרשטעלטע ווי מענטשן — — — —

איז געפאָרן צוריק פון דער שטאָט קאַלאָמיי
דער ייִד וואָס געקומען איז אויף קבר־אָבות.

דאָס חתונה־בילד האָט דער זקן געפירט,
דעם טאַטנס אַ ספר, דעם מאַמעס צוויי לײַכטער,

דעם טלית און תפילין, דעם זיידנס בריל —
פאַרבליבן אין פרעמד איז די אַלטע מזוזה.

## באַלאַדע וועגן הונט און זילבערנער קערה

פֿאַר טויזנט געהאָנגענע הודעט דער ווינט —
לויפֿט אויף דער וועלט אַ משוגענער הונט.
די בלאַסע לבנה דער הונט האָט צעביסן
און איבערגעלאָזט נאָר אַ מאָגערן ביסן,
איז פֿינצטער געוואָרן דער וועלט אין די אויגן.

פֿאַר טויזנט געהאָנגענע הודעט דער ווינט.

אַ ייִד גייט אַרויס פֿונעם הויז אין דער שעה,
זעט ער, דאָס רונדע געזיבכט איז נישטאָ —
עמעצער האָט די לבנה צעביסן
און איבערגעלאָזט נאָר אַ מאָגערן ביסן,
איז פֿינצטער געוואָרן דער וועלט אין די אויגן...

אַ ייִד גייט אַרויס פֿונעם הויז אין דער שעה.

זוכט ער — געפֿינט נישט דעם וועג אויף צוריק,
בלאָנדזשעט די נאַכט אין פֿאַרלאָשענעם בליק,
ווײַל עמעצער האָט די לבנה צעביסן
און איבערגעלאָזט נאָר אַ מאָגערן ביסן —
איז פֿינצטער געוואָרן דער וועלט אין די אויגן...

זוכט ער — געפֿינט נישט דעם וועג אויף צוריק.

קריכט ער אַרײַן דורכן פענצטער אין הויז,
אַ זילבערנע קערה טראָגט ער אַרויס
און שענקט דער לבנה וואָס איז צעביסן —
איז איבערגעבליבן אַ מאָגערער ביסן
און ס׳פינצטער געוואָרן דער וועלט אין די אויגן.

קריכט ער אַרײַן דורכן פענצטער אין הויז.

פליט די קערה — צוויי וואָכן זי פליט,
דרײַ מאָל אַ טאָג לייענט קריאת־שמע דער ייִד,
דעם בורא אויף שלמות ער בעט מיט כּוונה —
דערזען און דערלעבן אַ פולע לבנה,
ליכטיק זאָל ווערן דער וועלט אין די אויגן.

פליט די קערה — צוויי וואָכן זי פליט...

אַנטלויפט דער משוגענער הונט פונעם וואַסער —
סע שײַנט אינעם טײַך אַ לבנה אַ בלאַסע,
אַ רונדע... וואָס ער האָט אַנומלט צעביסן
און איבערגעלאָזט נאָר אַ מאָגערן ביסן —
איז פינצטער געוואָרן דעם הונט אין די אויגן.

אַנטלויפט דער משוגענער הונט פונעם וואַסער.

די שטילקייט אויף שטראַלן אויף זילבערנע שפּילט.
דער הונט דער משוגענער וואָיעט און בילט
אַנטקעגן דער לבנה וואָס ער האָט צעביסן
און איבערגעלאָזט נאָר אַ מאָגערן ביסן —
ער גלייבט נישט די אייגענע אויגן...

די שטילקייט אויף שטראַלן אויף זילבערנע שפּילט.

# באַלאַדע וועגן כעלעם

כעלעם חלומט נישט אין שלאָף וועגן וויכטיקער אַסיפה,
כעלעמס רב און זײַנע שאָף זענען ווײַסע ליכט וואָס טריפן.

כעלעמס עירוב — שטעכלדראָט, דער בית־מרחץ אין טרעבלינקע,
אויפן ווײַסן גליטש אין באָד פאַלן ייִדן, כעלמער הינקען.

איבערקערן כאָטש אַ ברעט — האָט פאַרבלאָנדזשעט כעלמער סטאָליער,
אין די גריבער — טויטע שטעט — זוכט אים הערשעלע אָסטראָפּאָליער.

נאָר דער בעדער אײַלט און טרײַבט כעלעמער פון די באַראַקן,
ווײַל ס׳איז איבעריק דאָס לײַב, ברעכט לענד און האַלדז־און־נאַקן.

אויגן קײַקלען זיך אַרויס פון די לעבער. לעצטער אָטעם
בליט און בלוטיקט ווי אַ רויז אויף אַ גוסטדיקן שאָטן —
— — — — — — — — — — — — — — — —

אין די הימלען קרום און שטום קומען בעלעמער נשמות,
בלאָנקען הינקענדיק אַרום בעלעמס גבאי מיטן שמש...

זוכן זיי — און מען געפינט די אַנטלאָפענע לבנה,
זעען זיי — אַ טײַכל רינט, און פאַרשטייען די כוונה:

בויען דאָ אַ וואַסערמיל אויף צו מאָלן בעלעמס ביינער —
באַקן פונעם ביינער־מעל חלות גרויסע, חלות קליינע;

שבת־חלות פאַר דער שטאָט, פאַר די קינדער און די פייגל...
שטייען בעלעמער אין אַ ראָד — אַרום לאָך מע מאַכט אַ בייגל.

אַזאַ שוואַרצער טיפער לאָך, וואָס נישט־מעגלעך אים פאַרשיטן,
קריכן בעלעמער נאָך און נאָך: — אײַ, חכמים, בעלמער ייִדן!

זענט איר שוין פון יענער זײַט — שטעקט אַרויס אַ צונג דעם הענקער...
אָנגעפּעלצט דער שומר רײַט אויפן הינקענדיקן בענקל...

דער ציגײַנער איז אַוועק און נישטאָ מער וואָס צו היטן,
לאָזט דער וועכטער זיך אין וועג, אײַנגעהילט אין ווײַסן קיטל.

אויסגעפאַלן איז אַ שניי... טראָגן בעלעמער נשמות —
הינטן צוויי, פון פאָרנט צוויי — די תכריכים אָנעם שמש.

שוועבן די נשמות פיר אין דער שטומער ווײַסקייט טויבער —
בלייבט די ווײַסקייט אומבאַרירט, אומבאַפלעקט דער ווײַסער צויבער.

און די ווײַסקייט לאָקט און רופט בעלעמער קינדער זאָלן שטיפן;
אונטער ווײַסקייט בעלעם רוט — קהל טראַכט מחשבות טיפע...

# דער ווײַסער רײַטער וועט קומען בײַ נאַכט

דער ווײַסער רײַטער אויפֿן ווײַסן פֿערד וועט קומען בײַ נאַכט,
ווען אויגן און פֿענצטער, טירן און הערצער זענען פֿאַרמאַכט,
אומרו און קומער אויף זיבעציק שלעסער אין צעלן פֿאַרשפּאַרט —
וועט ער נישט פֿאַרשטיין, ווער ס׳האָט אים גערופֿן — געוואַרט.

אַראָפּ פֿונעם זאָטל — וועט פֿירן דער רײַטער ס׳פֿערד פֿאַרן צוים,
אַ פֿוסגייער ווערן, מיט לײַטן אַ גלײַכער, אויס רײַטער — אויס טרוים.
און אָנקלאַפּן וועט ער אין פֿינצטערן פֿענצטער צו דיר,
נאָר דו וועסט נישט הערן, נישט אויפֿריגלען וועסטו דײַן טיר.

אויף נאַכטיקע גאַסן נאָר היימלאָזע הינט אויף דער פֿרײַ,
און דער, וועמענס נאָמען דערמאָנען קעגן נאַכט נישט כּדאַי...

מיט פֿויסטן צעבלוטיקע פּויקט ער אין טויערן: טוק־טוק, טוק!
דאָס פֿערד שפּיצט די אויערן, מיט קאָפּעטעס גראָבלט דעם ברוק.
נאָר טויב זענען טירן און שטום די געפּאַנצערטע ערד — — —
אויף נאַכטיקע גאַסן פֿירט פֿאַרן ציימל דער רײַטער זײַן פֿערד.

מער פּרוּווט ער נישט נישט וועקן — אין טויב־שטומע הײַזער שאָרך, קיין ריר.
קאַיאָר ערשט דערזעט ער באַלויכטענע פֿענצטער, אַן אָפֿענע טיר.
און עמעץ, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן געוואַרט און געוואַכט,
איז געלעגן פֿאַרשטאַרט — ער האָט אים די אויגן פֿאַרמאַכט.

# באַלאַדע וועגן קוימענקערער

אין דרויסן שפּאַצירט אַ לבנה אַ בלאַסע
און זילבערט דעם שניי אין פאַרפרוירענע גאַסן,
אַ צווייטע — אַ געלע אין צינענעם טעלער —
וואַרט אויפן טיש ביַי רעב שלמהן אין קעלער.

עס בעט זיך דער רעטעך: „שוין ציַיט צו פאַרבײַסן.
נישטאָ קיין גלאָז וויַין? זאָל געבענטשט זיַין דאָס וואַסער!”
דאָס זעלצערל שעפּטשעט: „רעב שלמה, אַבעטאָך...”
ער שלינגט די לבנה, פאַרבײַסט מיטן רעטעך.

דעם בורא ער לויבט, וואָס די וועלט טוט ער שפּיַיזן,
און שפּאַרט זיך צו דרימלען אויף כמאַרעלע וויַיסן —
רעב שלמה, פון אומגליק און סאַזשע פאַרשוואַרצטער,
וויַיס־בלאָע חלומות פאַרהיט האָט אין האַרצן — — —

אַרויס פונעם קעלער — די וועלט איז אַ וויַיסע,
ס׳ווינקען מיט אויגן צעשײַנטע די הייַזער
און קוימענעס רייכערן אויף זילבערנע דעכער.
אַ פּאָרל באַגלייט אים מיט וויַיסן געלעכטער.

די ביימער אין קיטלען דערציילן אַ מעשׂה
מיט וועלף וואָס באַפאַלן אַ זקן אַ וויַיסן —
באַוויַיזט זיך אַ שׂרף, צעפלאַקערט אַ שיַיטער,
אַנטלויפן די וועלף. רעב שלמה גייט וויַיטער.

באַגעגנט אים עמעץ אין הענטשקעס וויַיסע
און וויַיסע פאַפּירן באַפעלט ער אים וויַיזן.
ציטערט רעב שלמה פאַר שרעק און פון קרירה
און קאָן פונעם אָרט, ווי געליימט, זיך נישט רירן.

קומט פלוצעם צולויפן אַ בעקער אין ווײַסן
און שיט אויס אַ זאַק פריש־געבאַקענע נײַסן,
און מעשׂים דערציילט ער פון בלאָנדע מזיקים
וואָס האָבן צעריסן פאַפּירענע בריקן —

אַנטלויפט ער און ווינטן אים יאָגן נאָך ווײַסע
אַנטלויפט ער און ווינטן אים יאָגן נאָך ווײַסע
און פײַפן,
און וואָיען,
און שמײַסן,
און בײַסן.

דערזעט ער אַ שנייער אין קאַפּעליוש ווייכן,
וואָס ווינקט אים און ווײַזט אַ פאַרבאָרגענעם צייכן.

פאַרשטייט ער — געפינען דעם בעקער דעם ווײַסן.
ער בלאָנדזשעט, ער זוכט אים אויף זײַטיקע גאַסן.
און ס'נאַרן אַרײַן אים אין זאַק בלינדע ליקן —
דערוואַרגן זײַן טרוים און דעם חלום דערשטיקן
בלאָנדע מזיקים — בריקן־צעשטערער — — — —
אויס טרוימען,
אויס שלמה,
אויס קוימען,
אויס קערער.

# באַלאַדע וועגע בלעכער

א

אַ בדחן געקומען צו מיר איז בײַ נאַכט,
אַ ליד מיט אַ ניגון האָט ער מיר געבראַכט —
זינג איך.

אַ קלינגענדיקער אָנהייב, אַ קלאָגנדיקער סוף —
איך האָב אויף דער וואַנט עס פֿאַרשריבן אין שלאָף.
האָרכט זשע:

מיט טאַטע און מאַמע געוועז איז אַ יאַט,
פֿיר ברידער, דרײַ שוועסטערלעך האָט ער געהאַט.
תּכלית?

האָט אים דער טאַטע צום בלעכער פֿאַרדונגען —
קלאַפּט ער און האַמערט־אויס בענקשאַפֿטן יונגע,
און פֿליגל.

אַרויף אויפֿן דאַך, פֿאַרווילט זיך אים העכער —
אָטעמט מיט ווינט דער באַפֿליגלטער בלעכער:
שטורעם!

ער שפּרײַזט צווישן כּמאַרעס — ס'דונערט דער דאַך;
ער שפּילט מיטן פּריץ אַ פּאַרטיע שאַך —
די ערשטע.

די וועלט איז געקעסטלט, צעטיילט אין קוואַדראַטן:
די פּויערים — צו פֿוס, נאָר די פּריצעמלעך רײַטן.
נידער!

מען האָט אים פֿאַרשלאָסן אין פֿינצטערער תּפֿיסה
אויף ברויט און וואַסער, דאָך שפּאָרט ער פֿון ביסן
ברעקלעך.

אָט קלעפּט ער פֿון ביטערן ליימיקן ברויט
אַ טויער, אַ מויער, אַ גאַנעק, אַ פּלויט —
בענקשאַפֿט.

ער פֿורעמט אַ טורעם פֿון טורמישער פּיטע,
באַשיצן פֿון רויבער ער זאָל זײַנע גיטער —
טרוימען.

עס שטייען דעם קעניגס סאָלדאַטן אין רייען
מיט בלײַענעם טויט אין זייער הייסן כּלי־זין —
דראָען:

נישט וואַגן! פֿאַרבאָטן! דאָ שטיי נישט, דאָ גיי ניט!
נאָר ס'ציטערט די הויט און די קרוין אויפֿן קעניג —
הענקער — — — —

ב
דער בלעכער געקומען אַהיים איז אַ זיגער,
האָט נישט דערקענט אים זײַן חבֿר דער היגער;
ס'טרעפֿט זיך.

ער שפּילט מיטן חבֿר אַ פּאַרטיע שאַך —
דער בלעכער די לאַגע באַטראַכט פֿונעם דאַך,
ווי פֿרײַער:

די וועלט איז צעקעסטלט, געפֿאַרבט אין צוויי פֿאַרבן...
געפּטרט דאָס לעבן, נאָר ס'ווילט זיך נישט שטאַרבן —
רופֿט מען...

צום עלנטן שטיין זײַנעם קום איך צוגיין
און כ׳פרעג אים: „ווי פילסטו זיך איינער אַליין?"
זאָגט ער:

— מיט מיר מײַנע שוועסטער, אין גרוב מײַנע ברידער.
געלעבט מיט בטחון — געשטאָרבן אָן ווידוי —
אומקום.

מיט טאַטע און מאַמע אין קבר אין איינעם,
נאָר איך אין תכריכים, און זיי — נאָר די נעמען.
יזכור!

עס קלאַפּן אין שטיין מײַנעם האָגל און רעגן,
עס קומען די פייגל צו מיר זיך געזעגענען —
אַפּפּלי...

פיר עלטערע ברידער, דרײַ יינגערע שוועסטער,
מײַן טאַטן דעם פרומסטן, מײַן מאַמען, דער בעסטער —
בלומען.

און צוויי מײַנע לערערס — מײַן פאָלק און מײַן שפּראַך,
און מײַן גוטן־ברודער — דעם ווינט אויפן דאַך —
גריסט זיי.

און איין גרויסע ליבע, און איין גרויסע טרייסט —
געדענקט מײַן צוואה: כ׳באַפעל אײַך, איך הייס
לעבן!

און קומען צו מיר זאָלט איר איין מאָל אין יאָר —
און ברענגען נישט בלומען, נאָר וויצן אַ פּאָר.
אמן!

## באַלאַדע וועגן מאַליער

א

שטייט דער מאַליער אויפֿן לייטער,
פּאַכעט מיט דער באַרשט דער ברייטער.

טונקט ער איַין די באַרשט אין עמער —
גייט די אַרבעט ווי אַ זמר.

ער שמירט אַהער און שמירט אַהין
און ער טראַכט: דער בוים איז גרין.

ער שמירט אַהין און שמירט אַהער:
אינעם הימל שווימט אַ בער.

אויף אַ פֿאָדעם דינער־דין
הוידעט זיך אַ שוואַרצע שפּין.

שטייט אין מיטן מאַרק אַ תּליה
און דער תּלין איז מודיע:

— אויפֿן בוידעם ברענט די שלאַכט
צווישן טאָג און צווישן נאַכט!

פּלוצעם עפֿנט זיך די סטעליע,
זאָגט דער מאַליער: — אָמן סלה!

ביזן הימל הילכט אַ מאַרש —
פֿליט דער מאַליער מיט דער באַרשט.

איז דער מאַליער שוין אַ מלאַך,
קאַלכט ער דעם לבֿנה־קיַילעך...

ב

ווינקט צו אים אַ רויטער שטערן —
זאָל עס הייסן: „פאַרב מיך איבער,
כ׳האָב געשײַנט אין רויטן הימל
האָט מען מיך אין גרוב פאַרטריבן״.

ווינקט צו אים אַ געלער שטערן —
מיינט עס אפשר: „פאַרב מיך איבער,
איך בין שוין געווען אַ טויטער
און אַנטלאָפן פון די גריבער״.

רעדט צו אים אַ בלאָער שטערן —
הערט מען קוים זײַן שטילן פליסטער;
עפּעס מיינט ער, עפּעס בעט ער,
שטילע שײַן ווי טרערן גיסט ער...

— כ׳מוז פאַרענדיקן די אַרבעט —
זאָגט דער מאַליער — שטערט נישט, שטערן.
כ׳וועל זיך אויסלעבן די יאָרן,
וועל איך אויך אַ שטערן ווערן;

אַלע פאַרבן זענען הייליק —
אייניק ווי דער רעגן־בויגן,
אַלע טרערן זענען הייליק,
ווי די פאַרבן אין די אויגן...

די לבנה איז אַנטרינען —
נישט פאַרענדיקט איז די אַרבעט,
פונעם מאַליערס פּוסטע אויגן
אויסגערונען אַלע פאַרבן...

## באַלאַדע וועגן רויטן קעמערל

ס׳איז געווען אין שטאָט אַ גאָרטן, אין דער מיט —
אַ קלויסטער,
איז געהאָנגען דאָרט אַ יויזל מיט אַ ברוסט
אַנטבלויזטער.

אַ רחמנות — הויט און ביינער, ריפּן —
איבערציילן.
אַ געקרייצטער אויף זײַן שאָטן הענגט ער
אויפן צלם.

העכער, אויפן שפּיץ פון קלויסטער, פלעגט אַ
צלם ברענען...
קומען בחורים אין גאָרטן שמועסן וועגן
גיהנום —

נישט אין הימל — אויף דער ערד, וועגן רויב
און רויבער,
וועגן בייזע פּריצים אונטן און — להבדיל —
א ו י ב ן.

זיך געשושקעס ווי די בלעטער אויף גערדיכטע
צווײַגן —
אויסצולייזן וועלט פון אומרעכט — זייער
טאַטנס דאגה...

צוגעשאַרט האָט זיך אַ שאָטן: „אמת?" — פרעגט ער.
— „יציב!"
פרעגט ער ווידער: „ברויט?". אַ בחור ענטפערט:
„ברויט און פּראַצע".

גייט דער שאָטן ווײַטער... חברה טרעט אויף
זײַנע שפּורן
אין אַ קייטעלע, צעצויגן — אין אַ לאַנגער
ש ו ר ה.

און אַרויס דער שטאָט זיי קומען — אויפן שליאַך
מיט פלאַמען —
שטייען אויפן קרייץ פון וועגן זיבן קרומע
צלמים...

אונטער צלמים קרומע זיבן גראָווע מאַמעס —
וויינען —
פּליסן זיבן קלאָרע קוואַלן — — — מאַמעס
טרערן ריינע.

פון דער אַרבעט גייען שיקסעס מיט צעבליטע
העמדער —
שטייען זיבן קרומע צלמים צווישן פעלדער
פרעמדע.

קניִען שיקסעס נעבן קוואַלן — זשליאָקען
ריינע טרערן —
ציטערן אין קוואַלן פרעמדע, ווײַטע,
קאַלטע שטערן.

## דער אַלטער קלעזמער און די כלה

און דערציילן זאָל מען עס אין פריידן —
עולם האָט זיך נעבעך אָנגעליטן:
באַנדעס פלעגן קומען און אַנטלויפן —
איבער נאַכט האָט זיך די מאַכט געביטן.

קאַלטס און וואַרעמס איז מען אויסגעשטאַנען,
אָבער נישט פאַרלוירן דעם בטחון —
צוגעוווינט מען האָט זיך צו די צרות,
צוגעפּאַסט זיך אין דער סומאַטאָכע.

אין אַ יעדער שטוב געווען צוויי פאָנען —
רויטע לייַוונט און אַ גרינע שמאַטע;
קומען רויטע — הענגען זייערע פענער,
די קאָזאַקן — גרינע שמאַטעס, נאַט אייַך!

...עמעצער פאַרביטן האָט די יוצרות
און צעהאָנגען האָט מען רויטע ציכן,
אין דער נאַכט געקומען זענען גרינע —
און אַרייַן אין זיי איז די רציחה.

אינעם מאַרק — די שענסטע באַלעבאַטים
צו דער וואַנט געשטעלט. אָט וועט מען שיסן...
יאַוועט זיך אַ קלעזמער מיט אַ פידל,
און אַ כלה ברענגט אַ שיסל הייסע קנישעס.

— לאָזט מיך — בעט זי — טרינקען אַ לחיים
מיט מײַן חתן און מײַנע מחותנים.
לאַדנאָ — ענטפערט מען דער כלה — טרינקען.
מיר, קאָזאַקן, זענען אויך בעלנים.

און פאַרדרייט ערלים האָבן וואָנצעס,
זייערע הענט — געציטערט ווי אין פיבער.
ס'האָט געשטראַלט דער פולער עמער בראָנפן,
אויף דער זון געפינקלט האָט דאָס זילבער.

און אַ צי געטאָן דער קלעזמער האָט דעם סמיטשיק —
האָבן זיך די בעבערס אָנגעגאָסן — — —
ביז קאַיאָר געדוויערט האָט די שמחה —
די קאָזאַקן האָבן נישט געשאָסן...

אָנגעלאָפן זענען ווי די ווינטן
אויסלייזער אויף פײַערפערד צורײַטן —
אין דער פרי געבענטשט די שטאָט האָט גומל
און באַלייט אַהיים די באַלעבאַטים.

און אַ סברא — כביכולס שליחים
סײַ די כלה, סײַ דער גרײַז דער גראָוועך;
זי — אַוודאי איז געווען שולמית
און דער קלעזמער — אליהו הנביא,

ווײַל געזוכט האָט מען אין שטאָט דאָס פּאָרל —
ווי אין וואַסער — נישט געפונעןביידן...

עולם האָט זיך נעבעך אָנגעליטן
און דערציילן זאָל מען עס אין פריידן.

## דער געקאַלעכטער מלאך

אין דאַכפענצטער האָט ער געכאַפּט אַ שטיק הימל —
קוקן פאַרוואָלקנטע אויגן פון פּליטים...
צופוסן דעם הויז גרינט אַ פּליושענער קילעם —
נישט ער האָט פאַרזייט אים — — —

מוחמד האָט אויפגעשטעלט ווענט אין זײַן דירה,
אײַנגעפּאַסט פענצטער און צוגעפּאַסט טירן.

גייט ער און קומט מיט אויגן צעברענטע,
אין צימערן בילדער־אַנטיקן צעהענגט ער,

אויף אייזעלער שייכן אין בונטע אַבאַיעס,
און מענטשעלעך מאָלט ער מיט מיאוסע העוויות...

כאָטש שרײַ חי וקים. ס׳איז גזילה — ער טענהעט.
ענטפערט מוחמד: די ווענט זענען מײַנע!...

— נישט דו האָסט די ציגל געפּרעסט און געטאַסקעט!
— אַוודאי נישט איך — מיט אים איז ער מסכים,

נאָר כ׳האָב פאַר דײַן מי גוט באַלוינט דיך, מוחמד,
אויפגעריכט ביסט דו געוואָרן — אַ מעמד
באַקומען האָסט דו... נאָר צעלאָזט זיך, פאַרריסן —
בײַ נאַכט מיר דאָס לעבן קומסטו פאַרמיאוסן;

די ווענט אין די צימערן קומסטו פאַרשמירן —
די גאַל קערט זיך איבער — קאַלך ווידער מײַן דירה.
איך קאַלער און כ׳ווײַס, איך ווײַס און איך קאַלער,
געוואָרן בין איך, כביכול, אַ מלאך — — —

מײַן הויט מיטן וועש אינעם שופלאָד אינאײנעם,
צו בײַטן ווי העמדער אויף לופּטיקע ביינער.

מײַן שאָטן — נישט דער וואָס באַגלייט מיך כסדר,
נאָר יענער וואָס יאָגט זיך אויף גומענע רעדער.

אין טאָל איז ער טאָליק, אין בערג איז ער באַרגיק,
און ווער איך געניזוקט — נישט איך ווער געהרגעט.

נישט איך ליג אויף וועגן מיט ביינער ווי שפּענער —
נישט איך — נישט איך קום צו קבורה, נאָר יענער...
— — — — — — — — — — — — — — —

איך שוועב — אַ געקאַלעכטער מלאך אין גאַסן,
און ס׳דריקט אויף דער לעבער אַ פינצטערע משׂא.

סע פּיקט זיך דער שלום — ס׳איז אַחרית־הימים,
נאָר עפּעס נישט פריילעך איז אויף דער נשמה;

פון טאָג צו טאָג די טעג־לאַסט נישט גרינגער,
פון יאָר צו יאָר — דער יאָרן־יאָך שווערער...
— דער שפּיגל בטבע איז דאָך נישט קיין ליגנער
— אַפילו אויף אמת וועט ער זיך נישט שווערן

דער גלעזערנער עדות; באַדײַ מיט אַ רמז
אָנדײַטן זאָל ער — אויף האַלבקייט צי שלמות
פון דײַן נשמה... דו מעגסט אים פאַרטרויען,
אַז דו ביסט אַ קלאָון, אַז דו ביסט אַ גאָון

און ס׳איז דײַן נשמה אין תוך — אַ צעצווייטע:
איין מקור — לצנות, דער אַנדערער — ווייטיק.

און פּרוּווּ נישט פון שפּיגל די אויגן באַהאַלטן —
במילא — ער ווייסט, דײַן געמיט איז צעשפּאַלטן.

אויף טעלער צעלייג אים די ספקות, דערצייל אים,
אַז דו האָסט פאַרגעסן די יאָרן צו ציילן — — —

אָט־אָט וועט זי שלאָגן דײַן שעה, די צוועלפטע,
און בעט נישט קיין רחמים, ער וועט דיר נישט העלפן;

ער איז נישט מחויב צו לייזן די סתירות
פון חשבון־הנפש און חשבון־הלירעס...
— — — — — — — — — — — —

אַ מיצווה אויף דיר! באַלד זעקס מאָל בר־מיצווה —
דײַן גאַנצער פאַרמעג — די אָרעמע קיצבה.

אין ביכער אַרײַנגעהויכט האָסטו דײַן אָטעם...
דײַן זון — צי מוז ער אין דיר זײַן געראָטן?

פאַרזאָג — די קליפּה פון זיך זאָל ער יאָגן —
זאָל ער נישט זינגען, זאָל ער נישט זאָגן;

נישט אָנמעסטן זאָל ער פון וועלטוויי דעם עול —
דעק אים נישט אויף דעם רויטן פאַראָל — — —

און זאָג אים נישט אויס דעם סוד פון די ווענט
מיט שיכטן פון קאַלך אויפן גרויען צעמענט.

## כחול הים

א

דער הימל — אין פלאַמען, ס׳פלאַקערט דאָס לאַנד,
דער פײַנד האָט געקראָגן די אייבערהאַנט.

ס׳הילכט נאָך דאָס שלאַכטפעלד, די זון פאַרגייט.
שטייט אויף פונעם שלאָף יהושע און זעט —

ער הייבט אויף צום הימל די אַלטע הענט:
— באַשעפער, דו האָסט מיך אַוודאי דערקענט.

פאָטער אין הימל, דערהער זשע מײַן קול,
ווי דו האָסט פאַרנומען אין גבעון אַמאָל.

פאַרלאָז נישט דײַן אומה, פאַרהיט פון שפּאָט —
ס׳דויערט די שלאַכט, דערבאַרעם זיך, גאָט!

גיב מיר דעם כוח! שיק מיר דײַן וואָרט —
אָפּשטעלן זאָל איך די זון אויפן אָרט...

אַ ווינט אַ צעגליטער די באַקן צעבלאָזט,
צעשמעלצט ער דאָס זאַמד און פורעמט פון גלאָז

אַ ריזיקן זייגער פון הימל ביז ערד —
האָט אים דער אַלטער גלײַך איבערגעקערט

אַרויף מיט די פיס, אַראָפּ מיטן קאָפּ —
געשעט עס — די פינצטערניש טראָגט זיך אָפּ.

ס׳שײַנט אויפן שלאַכטפעלד אַ לאַנגער טאָג —
דאָס פאָלק האָט געשלאָגן דעם פײַנד און שלאָגט.

ב

דאָס זאַמד פליסט אין זייגער אַ יאָר נאָך אַ יאָר,
ברענגען די יאָרן אַ נײַעם דור — — —

ס׳קלינגט דאָס געפּעכט — באַלד זעצט זיך די זון.
שטייט אויף פּונעם שלאָף יהושע בן נון,

דערזעט ער: עס דויערט נאָך אַלץ די שלאַכט —
גאָטעניו, העלף מיר פאַרטרײַבן די נאַכט!

פאַרלענגער דעם טאָג, שטעל אָפּ די זון —
עס בעט דיך דײַן קנעכט, יהושע בן נון.

דערשײַנט גלײַך דער זייגער פון הימל ביז ערד —
האָט ער אים ווידער איבערגעקערט —

געשטעלט אים צוריק פונעם קאָפּ אויף די פיס —
צוריק־צײַט אין גלעזערנעם זאַמדזייגער פליסט.

טרעט אָפּ די נאַכט, פאַרהאַלט זיך דער טאָג —
דאָס פאָלק האָט געשלאָגן דעם פײַנד און שלאָגט.

ס׳ברענט נאָך די שלאַכט, ס׳לויפן די פײַנד,
די זון פאַרגייט נישט איבערן לאַנד — — —

שמייכלט דער אַלטער און לייגט זיך אַוועק
כאַפּן אַ דרימל אין זאַמד אויפן ברעג.

קומען די קינדער, צעשאַרן דאָס זאַמד
און לייגן אַ שטעמפּל — אַ קינדערישע האַנט.

## באַלאַדע וועגן זיבן פון איין שיף

פאַרטאָג זענען זיבן אַראָפּ אויפן ברעג —
ווידער דאַרף מען פאַרקניפּן דעם וועג,
וואָס איבערגעריסן אין פינצטערע טעג
ס׳האָבן בלוטיקע תהומען.

די זיבן — זעקס מענער און איינע אַ פרוי —
פאַרבונדן זייער גורל זיי האָבן אַזוי
אינאיינעם, ווי ים־בלוי און הימל־בלוי
אין שטיל און אין שטורעם.

פון זיבן פאַרשיידענע לענדער און שטעט —
זיי האָבן אויף זיבן לשונות גערעדט,
געקלאָגט ווען זיי האָבן, און גאַליק געשפּעט;
געלאַכט דעם טויט אין די אויגן...

האָט איינער געזאָגט: כ׳בין געוועזן אַ מת,
דאָך ניצול געוואָרן... איך ווייס דעם אַדרעס;
מירן פאָרן קיין צפת, צו רבי מאיר בעל־הנס,
אין זײַן זכות מירן געהאָלפן ווערן.

געזאָגט האָט דער צווייטער: דער נס איז געשען.
מיר זענען שוין דאָ — און געווען וואָס געווען,
געקומען — איצט דאַרף מען זיך העלפן אַליין —
אויף נסים זיך מער נישט פאַרלאָזן.

געזאָגט האָט דער דריטער: אָט וואָס מירן טאָן —
די פרוי וועט אויפנייען אַ ווײַס־בלאָע פאָן
און גיין מיר וועלן צו פוס קיין מירון —
צום קבר פון רבי שמעון...

און אויסגעטאָן באַלד האָט דער פּערטער דאָס העמד,
דער פֿינפֿטער האָט בלאָ פֿונעם הימל געברענגט,
דער זעקסטער, אַ מאָלער, האָט מאָלן געקענט —
די פֿאָן האָט אויפֿגענייט חוה.

אין וועג אַרײַן האָבן זיך די זיבן געגרייט —
פֿון פֿאָרנט די פֿאָן, וואָס די פֿרוי האָט גענייט,
און ס'האָבן זיי ווינטן און רעגנס באַגלייט
צום באַרג מיטן הייליקן קבר.

בײַ נאַכט האָבן די זיבן אין זאַמדן געטראָטן,
בײַ טאָג זיך באַהאַלטן — גערוט אינעם שאָטן,
ווײַל ס'האָט אינעם לאַנד די רציחה געזאָטן —
געלויערט אויף וועגן און שטעגן.

זיי האָבן געטראָגן אין הערצער די קריעהס
פֿון תּפֿילות פֿאַרגאַזטע און שטורעמס אויף תּליות,
אין פֿינצטערע גריבער באַערדיקטע שקיעות —
געטראָגן צום אויפֿגאַנג אַנטקעגן.

און ס'זענען געקומען קאַיאָר מיטן טוי
די זיבן — זעקס מענער און איינע אַ פֿרוי —
צופֿוסן דעם באַרג וואָס באָדט זיך אין בלוי,
אין גבֿורה פֿון היימישן תּכלת.

באַלד זענען די זיבן אַרויף אויפֿן באַרג —
די פֿרוי מיט דער פֿאָן, ווי זשאַנע דע־אַרק —
געוווימלט האָט דאָרט ווי אַ טערקישער מאַרק;
פֿון אַלע עקוועלטן ייִדן...

אַ טערק מיט אַ פּעדער האָט צעטעלעך געשריבן —
אין אַ שיסעלע קלינגערס פאַר ישיבות געקליבן,
נאָר נישט פאַרמאָגט ס׳האָבן אַלע — די זיבן —
קיין איין צעבראָכענעם גראָשן.

געווען איז דער טערק סתּם אַ ייִד אַ באַגדאַדער,
געשריבן די צעטעלעך אויף לשון־קודש אַוודאי —
געזאָגט האָט דער רוסישער ייִד: „ער, דאָסאַדאַ!
מיר קענען נישט קיין העברעיִש״.

דער דײַטש האָט געזיפצט: „וואַס זאָלל מאַן מאַכען?״
מיר זענען געוואָקסן אויף זיבן טײַכן —
צי וועט ער פאַרשטיין זיבן אונדזערע שפּראַכן
דער רבי שמעון בר יוחאי?

די פרוי האָט געזאָגט: „מיר זענען געקומען,
מיר שטייען בײַם קבר ווי בלינדע און שטומע,
פאַרלירן די צײַט אינעם טויבן געטומל —
אומזיסט זיך געשלעפּט אַהער־צו״.

טוט זאָגן דער עלטסטער: „יאַך בין פון פוילן,
מיר זענען געקומען — מוזן מיר פועלן!
רבי שמעון — ער גייט צום רבונו־של־עולם,
וואָס אַלע לשונות פאַרשטייט ער.

שרײַבט צעטעלעך, ייִדן, אויף אַלע לשונות:
אַיעדער — אויף רוסיש, דײַטש און פראַנצייזיש,
אויף שפּאַניש, הונגאַריש, רומעניש און פויליש,
און ייִדיש פאַרשטייט ער במילא״.

## שאָול פאַרפאָלגט דודן

און פלישתים זענען באַפאַלן דאָס לאַנד
האָט גאָט מיט זײַן האַנט זיי פאַרטריבן.

און שאָול המלך מיט דרײַ טויזנט מאַן
האָט געווענדט זײַנע טריט קיין עין־גדי.

געגאַן איז דאָס חייל אַ טאָג מיט אַ נאַכט
און שאָול איז אויף סליאַדן געפאַלן —

דוד מיט זײַנע פאַרביטערטע קנעכט
ערשט נעכטן אין טאָל האָט געהוליעט —

אין מידבר צווישן די בערג נעבן קוואַל
זיי האָבן דערקוויקט זייערע הערצער.

בן־ישי אַוועק איז פון דאַנען נישט ווײַט —
מען וועט אים מיט גאָטס הילף דעריאָגן.

זאָל רוען דאָס חייל ביז שפּראָץ אויף טאָג,
און שאָול, פון גאָט דער געזאַלבטער,

אַרײַן איז צו נויט אין אַ פינצטערער הייל —
אַ מלך איז דאָך נישט קיין מלאך — — —

איז שאָול אַרויס פון דער הייל אויף דער לופט
און גרינגער איז אים אויפן האַרצן.

און פלוצעם דערהערט ער — עמעצער רופט:
— אַדוני המלך!... — ס׳איז דוד.

פאַר שאָולן קניט ער: — אין מײַנע הענט
געווען איז דײַן קרוין און דײַן לעבן,

אויף דיר נישט פאַרהויבן האָב איך די שווערד,
פאָטער, מײַן האַר דער געזאַלבטער.

אַ סימן האָסטו — איך האָב דיך געשווינט —
געקוילעט איך האָב דײַן קאַפּאָטע.

אָט איז זי דײַן פּאָלע אין מײַנע הענט —
דײַן בלוט האָב איך נישט פאַרגאָסן.

פאַר וואָס הערסטו צו צו די רייד פון אַ מענטש,
אַז דוד דײַן קנעכט וויל דיר שלעכטס טאָן?

אָט האָסטו דײַן שמאַטע און ניי זי דיר צו
איידער עס הייבט אָן צו טאָגן — — — —

און וועמען פאַרפאָלגסטו — אַ געפּגרטן הונט,
אַ פלוי — פאַר אַ מלך צי פּאַסט עס?

אָט שטיי איך פאַר דיר, געקרוינטער האַר,
קיין עוולה בין איך נישט באַגאַנגען.

אַצינד זאָל דער אייבערשטער משפּטן אונדז
און זאָל דער געזאַלבטער מיך שטראָפן...

און שאָול המלך האָט זיך צעוויינט:
פאַרגיב מיר מײַן שינאת־חינם — — — —

און ס'האָט זײַן געוויין די פעלדזן גערירט —
ביז הײַנט גיסט מיט טרערן עין־גדי.

## באַלאַדע וועגן שומר־שבת פון אדום

דער גר געראַסימאָוו האָט מיר דערציילט:
„האָרך צו — הרי אני כבן שבעים,
דעם סדר געפּראַוועט האָב איך אין בני־ברק
ווי רבי אלעזר און רבי עקיבא.

מיר האָבן געזונגען, געזאָגט ביז פאַר טאָג,
דערציילט פון יציאת מצריים — — —
האָב איך געקלערט געשטוינט און באַטראַכט
דעם מופת פון מײַן באַפרײַונג.

אַ סובאָטניק אין אֶדום בין איך געווען
פון סלאַווישן שטאַם, פון געבוירן,
און שבת האָב איך און מײַן בהמה גערוט,
ווי ס׳ע זאָגט אונדזער הייליקע תורה.

מען האָט מיך גערודפט אין אֶדום, געיאָגט —
איך האָב זיך נישט אונטערגעגעבן,
אָפּגעהיט האָב איך גאָטס שענסטע געבאָט,
וואָס טײַערער ס׳איז פון מײַן לעבן.

און טאָג ווי נאַכט דעם בורא געדינט,
געלייענט און געלערנט די ביבל,
געשעפּט און געגאָסן פון לויטערן קוואַל —
דעם גלויבן פון פרײַהייט און ליבע.

אָט בין איך געקומען אין הייליקן לאַנד —
אַ סלאַוו און אַ רוס פון געבוירן,
פאַרבונדן האָב איך מיטן ייִדישן פאָלק
מײַן לײַב־און־לעבן — מײַן גורל.

און איטלעכער צה״ל־זעלנער איצט איז מײַן זון,
און איך, דער גר־צדק; זײַן פֿאָטער;
זײַן ערד איז מײַן ערד, גאָט — איז מײַן גאָט,
זײַן תּורה און אַלע געבאָטן — — —

אַ שומר־שבת כ׳בין אין אֱדום געווען,
מען האָט מיך פֿאַרפֿאָלגט און געפּײַניקט,
כ׳האָב זוכה געווען צו באַטרעטן דאָס לאַנד
וווּ שבת איז שלווה און תּענוג —

און דאָ — שטראָף מיך נישט גאָט פֿאַר די רייד —
דײַן פֿאָלק איז מחלל־שבת,
דײַנע געבאָטן מע טרעט מיט די פֿיס
אין געיעג נאָך ערדישע תּאוות.

שבת, דײַן ליכט האָט געבראַכט מיך אַהער,
אויף פֿליגל צו דיר כ׳בין געפֿלויגן.
און דאָ — שטראָף מיך נישט גאָט פֿאַר די זינד —
וואָס זעען מײַנע זקנישע אויגן?

גאָט, שיק דײַן שליח אַראָפּ אויף דער ערד
און וואָרענען זאָל ער, דער נביא:
היט אָפּ שבת — דאָס שטאַרקסטע געווער —
דעם דור אין גאָטפֿאַרכטיקייט כּאָוועט.

און איך, גראַסימאָוו דער גר, זאָג מײַן וואָרט
און אָנצינדן שבת־רום זאָל עס;
אַ סובאָטניק אין אֱדום בין איך געווען —
מײַן שבת געווען איז אין גלות.

# באַלאַדע וועגן טלית און שיר המעלות

בשוב ה׳ את שיבת ציון...
(תהלים, קכו א)

האָט משה געזען — דער סנה האָט געברענט...
און סנה האָט געהייסן משה:
„פאַראייניקט אײַך, אַלע קנעכט פון דער וועלט!
צעשמעטערט די תפיסות פון גושן!

מיר זענען געקומען, מיר האָבן געבראַכט
דעם קייטן־געבראַזג און די האָרבן.
מיר וועלן פון ציון, פון אייגענעם לאַנד
שיקן דער וועלט אונדזער קרבן.

און שטאָלץ וועט ער זײַן דער ייִד און דער מענטש
צו טראָגן די פאָן פונעם גאָון,
ווײַל בויען מיר וועלן אין לאַנד אונדזער וועלט
ווי גלײַכע צווישן די גויים — — —

דער סנה האָט געברענט... האָט משה דערהערט
דאָס קול פונעם אייביקן פײַער:
און וואָס איז די פרײַז וואָס דו האָסט באַצאָלט
דעם טאַטן פון פעלקער, באַפרײַער? — — —

די שבטים פון קנעכטשאַפט האָט משה באַפרײַט,
פון סיני געבראַכט זיי די תורה,
געפירט דורכן מידבר צום הייליקן לאַנד —
פאַרמאַכט פאַר אים גאָט דעם לאַנדס טויערן.

איז משה אַרויף אויף באַרג נבו —
קיין מענטש ווייסט נישט ווו איז זײַן קבר...
און משהס קבר אין לאַנד איז באַוווּסט,
נאָר זאָגן זאָגט משה — דער לוי:

— פערציק יאָר האָט געבלאָנדזשעט מײַן דור,
ווײַל גאָטס נאָמען האָט ער געלעסטערט,
אַפילו מיך האָט דער בורא באַשטראָפט —
דאָס לאַנד האָבן באַטראָטן די בעסטע.

איצט האָבן די זכיה צו קומען אין לאַנד
סײַ גאַנצע, סײַ האַלבע ייִדן.
נו, וועט מען שטוקעווען — מאַכן פון זיי
אַנדערטהאַלבנדיקע ייִדן — — —

זאָגט משה: — די פרעמד האָט פאַרסמט אונדזער בלוט —
אומעטום זענען מיר פרעמדע;
אַפילו בײַ זיך, אין אייגענעם לאַנד
טראָגן מיר גוייִשע העמדער.

מיר האָבן פֿאַרשירעמט די שכינה — איר שײַן
פֿאַרצוימט מיט פֿאַררייכערטע ברילן,
און בגדים געגנייט — פֿון יווענישן שניט —
אין שעטנז מיר טוען זיך הילן...

האָט משה אים איבערגעשלאָגן די רייד:
אַלע זענט איר חכמים;
איר אָטעמט, איר לעבט מיטן קאָפּ אין דר׳ערד,
פֿון יענער וועלט לײַכט אײַער נשמה...
שווײַגט משה, נאָר ס׳רעדט אויפֿן קבר דער שטיין:
— סע לויערט אויף אונדז די סכּנה.
מיר האָבן געבלאָנדזשעט און בלאָנדזשען נאָך הײַנט
און זעלבסמאָרד מיר שרײַבן אויף פּאָנעז,

איך האָב אײַך געפֿירט, איך האָב נישט דערפֿירט.
הערט, קעמפֿער פֿאַר פֿרײַהײַט און יושר:
פֿאַראייניקט אײַך אַלע אין היימישן קאַנט,
באַפֿרײַט אײַך פֿון קנעכטישן גושן!

איך רוף ממעמקים, פֿון גריבער צו אײַך,
אין קבר איך זאָג שיר המעלות,
ווײַל אויסגעטאָן האָב איך דאָס גוייִשע העמד
און אײַנגעהילט ליג איך אין טלית.

# באַלאַדע וועגן צוואָנציקיאָריקע

...זײַן צוואַנציקיאָריקע וווּינען אין הויז.
נאָך האַלבער נאַכט זיי גייען אַרויס
שפּאַצירן אין גאַסן.

אין גלאַנציקע שויפֿענצטער שפּיגלען זיך אָפּ
צעריסענע ברוסט און געלעבערטער קאָפּ —
אין געשריי פֿון לעצטער מאָדע.

אין אַ שטילן קאַפֿע זיי געפֿינען אַן אָרט,
זיי הערן זיך צו — עס כאַפּן אַ וואָרט
פֿאַרשפּעטיקטע שאָטנס.

זײַן קוקן און טראַכטן — זיי ווילן דערגיין;
מע זיצט, אַלע אינאיינעם, נאָר אַיעדער אַליין —
באַזונדער און עלנט.

„געוואַלט האָט דער גורל — מיר זענען געפאַלן
איעדער באַזונדער, אינאיינעם — פאַר אַלע,
וואָס זענען ביי זיך איצט געפאַלן״...

צעווירבלען זיך רויכן, ריחות און פאַרבן —
פאַרלאָזן די ליידיקע הויזן און אַרבל
ליידיקע טישלער און פלעשער.

זין בלאַנקען אין ליקן — זיי ווילן דערגיין:
פאַר וואָס ליגט די שטאָט ווי אַן עלנטער שטיין?...
צי האָט זיך געלווינט?

.. נאָר ערגעץ צעוויינט זיך אַ פּיצעלע קינד —
ס׳טוט זיך אַ פענצטער אין גאַס אַ צעצינד.
אַ מעסער אין האַרץ פון נאַכט.

און ערגעץ צעקלינגט זיך אַ זייגער און וועקט —
ס׳שטייען אויף יונגע, צעכוואַליעטע טעג,
און שטראָמען אין גאַסן.

ס׳איילן שוין קינדער מיט טאַשן אין הענט —
האָט איינער זיין קינדערישן חלום דערקענט,
אַ צווייטער דערהערט האָט זיין נאָמען.

שפּאַנען אין גאַסן די נעמען פון זין,
ס׳קליינוואַרג זיי פירן אַריבער אויף גרין,
צעשיידן זיך נעבן טויער.

קומען די נעמען צוריק אויף זייער אָרט.
זין צוואַנציקיאָריקע סודען זיך דאָרט;
— ס׳האָט זיך געלווינט?...
— זיך געלווינט.

# באַלאַדע אונטער־פיר־אויגן

אין שוואַרצאַפּלען — רויך און פלאַם —
שײַטערלעך פון גרויסן שײַטער...
ב ל אָ ע  א ו י ג ן קוקן ווײַט,
שוואַרצע אויגן זעען ווײַטער.

אויפן שײַטער ברענט די נאַכט —
קאָרטשעט זיך איר לײַב אין פלאַמען.
צווײַגן וואַרגן זיך פון רויך,
טרערן קײַקלען זיך פון שטאַמען.

זאָגן שוואַרצע אויגן: זע, —
אַלט בין איך נישט פולע צוואַנציק —
אויף מײַן ברוסט אַ בלומענקראַנץ,
כ׳בין מיט קרענץ באַדעקט אין גאַנצן.

קלאָגן בלאָע: — ווינד און וויי,
ווײַסער פראָסט אויף מײַנע בריסטן,
קרומע פינגער, קאַלטע הענט,
נישט באַקאַנטע, אומבאַוווּסטע.

שעפּטשען שוואַרצע אויגן: — הער,
פונעם וואַלד אַ ווײסטער שאָרעך —
אויפן שײַטער — אונדזער נאַכט,
אונדזער ליבע — אַש און פּאָרעך...

— כ׳ווייס אַן עפּלבוים אין וואַלד.
צו זײַן שטאָם מיר וועלן קניִען...
זאָגן בלאָע אויגן: — וואַרט,
ביז דער עפּלבוים וועט בליִען.

מאָנעס שוואַרצע אויגן: — הײַנט!
זײַ נישט קליגער פון די גרויסע —
באַלד וועט אויסברענען די נאַכט
און מײַן טאָג איז שוין אַ גוסס.

וואָרענען בלאָע אויגן: — ניין,
ס׳איז די רויז נאָך נישט צעעפנט.
וואַרט ביז אויפגיין וועט די זון,
וועסטו מיך אין גאָרטן טרעפן.

נאָר די שוואַרצע מאָנען: — איצט!
מאָרגן גיי איך אין די שלאַכטן —
זאָל איך מיטנעמען די רויז
אין מײַן נאַכטלאַנד אַ פאַרמאַכטע?

בעטן בלאָע טרערן: — שווײַג.
טאַטע מאַמע מײַנע פרומע
וועלן בעטן גאָט פאַר דיר,
וועסטו קומען — — — — — —
— — — — — — — — —

אויסגעברענט האָט נאָך איין נאַכט,
נאָך אַ חלום איז צערינען —
ברענט די רויז אין בלומענקראַנץ
און אויף שטיינער — דער באַגינען.

## באַלאַדע מיט שטיינדלעך פֿונעם ברעג

אַיעדן טאָג — אַ שטיינדל פֿונעם ברעג
ער ברענגט איר — אויפֿן שטיין דעם ווײַסן
מיט אַ שוואַרצן פּאַס באַצירטן, ווי דאָס קליידל
וואָס זי אַמאָל האָט אָנגעמאָסטן...

אַיעדן טאָג — אַ שטיינדל פֿונעם ברעג,
אַרויס דער שטאָט צום שטילענקען בית־עלמין,
ער ברענגט דעם בלאָען רויש פֿון כוואַליעס,
וואָס קליידט דעם גרויען שײַן פֿון אירע אויגן.

אַיעדן טאָג — אַ שטיינדל פֿונעם ברעג
ער לייגט אַנידער אויפֿן שטיין דעם שווערן
און ס'דאַכט זיך, אַז דאָס געלע זאַמד צעשפּרייט זיך
אַרום דער שווײַגעניש צופֿוסן.

אַיעדן טאָג — אַ שטיינדל פֿונעם ברעג
מיט שוים און שײַן פֿון שימער־ים צעשטראַלטן,
וואָס מיטגעשלעפּט האָט זי אין שווימענדיקע תהומען
ווען זי האָט זיך געטראָנקען...

אַ יעדן טאָג — אַ שטיינדל פֿונעם ברעג
ער שענקט איר — פֿונעם ים אַרויסגעוואָרפֿן —
אַ גרוס פֿון ים־שטערן וואָס האָבן זי באַוווּנדערט
ווען זי איז אויפֿן דנאָ געלעגן.

אַיעדן טאָג — אַ שטיינדל פונעם ברעג
ער ברענגט ווי אַלע מאָל צו דער מצבה...
נאָר איין מאָל האָט ער זי געזוכט און נישט געפונען —
אַנטרונען, נאָר געבליבן איז דער נאָמען.

דעם נאָמען אָפּגעוואַשן האָט אַ לעצטע טרער;
קיין שטיינדלעך האָט דער מאַן שוין נישט געטראָגן —
אַרויסגליטשן זיי פלעגן זיך פון האַרצן
ערגעץ אונטער וועגנס — — —

דערזען האָט ער זי ווידער אויפן ברעג —
איר פּנים, איר געשטאַלט, איר חן־באַציינטער שמייכל.
דערזען האָט ער זי פון דער ווײַטנס —
זי האָט זיך נישט געענדערט.

געבראַכט האָט ער אַ שטיינדל פונעם ברעג —
זי האָט געוואָרפן עס פון איין האַנט אין דער צווייטער.
עס אָפּגעגעבן אים און פאַרמאַכט זײַן פויסט, ווי איינער
וואָס זאָגט: איך בין נישט קיין מצבה.

האָט ער געבראַכט אַ שטיינדל מיט אַ שײַן,
צו איר געזאָלצן האָלדז עס צוגעמאָסטן...
האָט זי געזאָגט: דו ברענגסט מיר קאַלטע שטיינער —
דו שענק מיר דײַנע הייסע טרערן.

קײַן טרערן האָט דער מאַן שוין נישט געהאַט —
אַוועקגעשאָנקען האָט ער זיי ביז איינער,
ווען שטיינדלעך פלעגט ער טראָגן אויף איר שטיין
איידער זי איז אויפגעשטאַנען — — —

# באַלאַדע וועגן דרײַ ווײַבער אויף איין שטיין

„דרײַ ווײַבער זיצן אויף איין שטיין.
איינע זאָגט: יאָ... די צווייטע זאָגט: ניין.
די דריטע זאָגט: פון וואַנעט געקומען —
אַהין זאָל עס גיין! —
(אַ שפּרוך קעגן אַ „גוט אויג")

וויל איך מיר מאָלן אַ גרעסערן שטיין,
נעם איך אַ שטיינדל — וואָס קלענער איז בעסער —
כ'לייג עס אַוועק אויף דער צונג פון אַ פײַנד,
ווערט עס אין איין שמע־ישראל פאַרגרעסערט.

אויפוועקן ווײַבער אין מיטן דער נאַכט
שיק איך חלומות פון וואַרעמע קאַנטן.
איידער איך טראַכט נאָך — זיי זענען שוין דאָ:
אַ שכנה, אַ קרובה און גלאַט אַ באַקאַנטע.

זיצן שוין אויפן געשוואָלענעם שטיין
אַלע — די ערשטע, די צווייטע, די דריטע —
די שכנה פון לינקס, די קרובה פון רעכטס,
און גלאַט אַ באַקאַנטע, די עלטסטע — אין מיטן.

מיט שפּיזן — געבראַכט האָט אַיעדע איר זאַק,
און ווײַבערישער נחת — אַ קריגעלע טרערן,
באַלד אויסגיסן וועלן זיי ס'ביטערע האַרץ —
לאָמיר נישט שטערן. מיר שווײַגן און הערן:

איינע זאָגט:
„געווען אַ בן־מלך, און איך — אַ בת־מלכה,
ער קלוג ווי דער טאָג, איך שיין ווי אַ ליאַלקע.
און אַלץ ווערט געבוירן — מיטן פּיסל אַ טופּע;
מע ברעכט שוין אַ טעלער, מע גייט צו דער חופּה.
די וועלט איז מקנא — אַ זיווג פון אויבן...

אין טויבנשלאַק וואַרקען צוויי שטילינקע טויבן.
די שפע אין שטוב, און קינדערלעך וואַקסן —
עס דרייט זיך דאָס מזל אויף זילבערנע אַקסן.

געגאַנגען די טעג און געלאָפן די יאָרן —
אַ גאַסט אויף אַ ווײַל צו אונדז איז פאַרפאָרן.
דרײַ טעג און דרײַ נעכט געררוט פונעם וועג,
דערנאָך אָן אַ זײַ־געזונט איז ער אַוועק...

און ס'האָט זיך דאָס רעדל פאַרדרייט אויף צוריק:
און אויפגעהערט מעלקן ס'האָט זיך די ציג,
ס'האָט זיך צעקרישלט דאָס לעבעלע ברויט —
דורך פענצטער און טירן אַרײַן איז די נויט.
און עלנט; מײַן אוצר האָט זיך געפעלט.
פאַרלאָשן געוואָרן מײַן זון אויף דער וועלט —
פאַרפאַלן מײַן גליק ווי אַ נאָדל אין סטויג.
איך זאָג אײַך:
פאַראַן אויף דער וועלט אַ ,גוט אויג'!"

די צווייטע זאָגט:
„ווען כ'האָב זיך געכאַפּט: דו האָסט זיך באַנאַרישט —
געווען איז צו שפּעט.
און דאַך, דאַך געזאָגט צום בן־מלך: — טאָוואַרישטש,
גיב מיר אַ גט!
אַוועק איז מײַן אוצר — צוריק נישט געקומען
ביז הײַנטיקן טאָג.

געווישטערט, געזוכט אים אין אַלע אַרומען,
געוויינט און געקלאָגט.
ס׳פאַרשטיינערט געוואָרן צוקאָפּן מײַן קישן —
איך האָב אים נאָך ליב;
באַשאַפן איז חוה פון אדם־הראשונס
אַ וואַרעמע ריפּ.

פאַרשפּילט האָב איך ס׳לעבן, מײַן גליק אָנגעווירן —
געוועזן איז מיר קלאָר:
אין שפּיגל דערזען כ׳האָב מײַן בלײַענעם גורל,
די זילבערנע האָר.
אָנומעלט אין חלום געזען כ׳האָב אַ וואַסער,
אַ גילדענע שיף,
אין הימל אין בלאָען צוויי טײַבעלעך ווײַסע —
באַקום איך אַ בריוו.
ער שרײַבט: „כ׳האָב פאַרפלאַנצט דײַנעטוועגן אַ גאָרטן"
און רופט מיך צו זיך.
פאַרבײַ איז מײַן לעבן. איך בין אַ באַיאָרטע,
איך גיי נישט — איך קריך.
אַ ברענדל געוועזן — געמיינט כ׳וועל מיר כאַפּן
אַ צווייטן אין קלוב.
אַ נאַרישע ציג — געשפּרונגען, געפּלאַפּלט,
דער נאַר האָט געשטופּט.
און כ׳בין, ווי איר זעט, אַן עגונה פאַרבליבן
איך קלאָג און איך וויין.
איך זאָג אײַך, דאָס ערגסטע ‚גוט אויג׳, מײַנע ליבע,
מיר זענען אַליין..."

די דריטע זאָגט:
זיצן צווישן ‚יאָ׳ און ‚ניין׳ איז מיר באַשערט —
ס׳האָט אַליין דער שד עס צוגעקלערט.

סײַ בײַ טאָג און סײַ בײַ נאַכט צוויי פּריצים רײַטן —
ווונד און וויי באַגלייטן מיך פון בײדע זײַטן.

דאָ — אַ פּעקל, דאָרט — אַ צרה, איך — אין מיטן;
סײַ פון רעכטס און סײַ פון לינקס האָב איך געליטן.

גוט? — אַ מעסער. שלעכט? — אַ חלף. איך — דער קרבן.
דערנער־קרוין צי לאָרבער־קראַנץ — די זעלבע טאָרבע.

הייסע קלעפּ צי קאַלטע מכּות — בלאָע פלעקן,
נישט קיין חילוק װעמענס האַנט — דער זעלבער שטעקן.

ווו אַ קרענק און ווו אַ בראָך — צו מיר דערגרייכן,
אויף מײַן טיר האָט אָנגעמאָלט די פּלאָג אַ צייכן.

ווו אַ שלאַק און ווו אַ זלידניע — גרויסע טויגערס,
אַלע עצהן, זוכן תּרופות... מוחל־טובות! — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

איינע זאָגט, די צווייטע זאָגט. וואָס זאָגט די דריטע?
קיין בייז אויג נישט האָבן וועט קיין שליטה...

זאָג אַהער, און זאָג אַהין — וואָס העלפט דאָס זאָגן?
ווו די קליפּה האָט געגעבטיקט וועט זי טאָגן...

צי פאַראַן איז אַ גוט־אויג? — צי יאָ, צי ניין,
דער נישטגוטער אין זײַן רו וועט מוזן גיין — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

געגעצט זי און ווײַזט דער נאַכט אַ קרומען צאָן
און ס'צעקרייט זיך קעגן טאָג דער ערשטער האָן.

## באַלאַדע וועגן פיר קרעטשמעס

געווען אויף דער בוקאָווינע
אַ ישוב „פּאָטרו קערטשומע" —
די פיר קרעטשמעס...

פון שטעטל קוף־נון און שטעטל ריש־שין
עס פירן די וועגן אַהער און אַהין —
אַ מאָל אויף יאַריד, און ווער נאָך אַ ליד
פון דאַנען אַהינצו מען לויפט און מע פליט.

איז איינער אַ בחור אַרויס גאַנץ קאַיאָר —
אַ טאָג איז אַ רגע, אַ טאָג איז אַ יאָר —
דעריאָגט אים דער פּרייַטיק־צו־נאַכטס אויפן וועג,
געפינט ער אַ בערגל און זעצט זיך אַוועק.

גערוט האָט ער שבת ביז גוט־פולער וואָך,
ער הייבט אויף דעם קלומעק און טוט אָן דעם יאָך.
עס דרייען זיך וועלטן און רעדער אויף אַקסן,
נאָר ער — ווי אַ בוים צו זייַן אָרט צוגעוואַקסן.

צי אונטער די פיס איז געווען דער פאַרבאָט —
דער כישוף וואָס לאָזט אים נישט מאַכן קיין טראָט ?
געווען איז דאָס בערגל באַוואַקסן מיט גראָז,
און אונטערן בערגל, ווער זאָגן קאָן — וואָס ?

און גאָרנישט — קיין סימן פון באַטעס — אַרום,
נאָר הינטערן בערגל אַ בוים, אַלט און קרום.
ליגט אפשר דער כישוף אין האַרץ פונעם שטאָם ?
שטייט אפשר דער בוים אויפן אָרט פון אַ צאָם ?...

די זון איז פאַרגאַנגען. שטאָק־שפּעט אין דער נאַכט
אַ פייַערל שלייַכט זיך ווייַט־ווייַט אויפן שליאַך,
און פּלוצעם אַ גילדענע קאָטש שטעלט זיך אָפּ
און זיבן פאַרשווינען שפּרינגען אַראָפּ.

און איינער, דער עלטסטער, אַזוי גיט אַ זאָג:
— דאָ וועלן מיר, ברידערלעך, רוען ביז טאָג.
פאַרשלאָסן די קרעטשמע, דער טויער — פאַרוואָס? —
און רופט צו דעם בחור: — היי, דו, באַלעבאָס,
צעעפן דעם טויער און לאָז אונדז אַרײַן,
און ברענג פונעם קעלער אַן עמער מיט ווײַן!
— — — — — — — — — — — — —

פאַרבײַ צוויי שבתים און נאָך אַ פּאָר טעג —
סע שטייט נאָך אַ קרעטשמע פון יענער זײַט וועג,
אַ דריטע זיך שפּיגלט אין צווייטער אַנטקעגן,
און נאָך איינע שפּראָצט ווי אַ שוואָם נאָכן רעגן,
און צווישן די קרעטשמעס די וועגן זיך שיידן...
געוועזן איז אַ מנין — געוואָרן אַן עדה — — —

פיר קרעטשמעס מיט טויערן קוקן צום וועג,
ס'דרייט זיך אַ ווינטמיל, סע זשומעט אַ זעג,
אַ שול מיט אַ שמש, אַ באָד מיט אַ בעדער,
און קינדערלעך אײַלן קאַיאָר אינעם חדר.
מען איז זיך משדך פון ווײַט און פון נאָענט,
מע קושט זיך. מע בײַסט זיך. די וועלט מע באַוואָרנט —
ס'האָט יעדער זײַן פּעקל, צו זינגען צו זאָגן,
זינקט איינער אין שפע, אַ צווייטער אין זאָרגן,
אַ דריטער באַגנוגנט זיך מיט דעם וואָס ער האָט,
אַ פערטער האָט טענות צו לײַט און צו גאָט...
די זין מע פאַרצוקערט, פאַר טעכטער מע שפּאָרט —
ס'קומען סײַ גליק און סײַ אומגליק צו רײַטן.
ס'בײַטן זיך צײַטן און דורות זיך בײַטן
און ס'וואַקסן די קינדער און ס'הייליקע אָרט — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

אַראָפּ אויף דער וועלט איז אַ פינצטערע נאַכט —
פיר קרעטשמעס אין פעלד האָבן אויגן פאַרמאַכט,
פאַרשוווּנדן די זעג און אַנטרונען די מיל,
אַן עלנטע אַזשענע וויינט אין דער שטיל
דאָרט הינטערן בערגל מיט שטערן אין גראָז,
און אונטערן בערגל, ווער זאָגן קאָן — וואָס?...

אין שעה, ווען זיך אויספּיקן הייבט אָן דער טאָג,
די שטילקייט צעקלינגט זיך אין גרוב ווי אַ גלאָק.
אַ זילבערנער זקן שטייט אויף פון דער ערד
און טראָגט אין זײַן האַנט אַ פאַרבלוטיקטע שווערד.
ער זוכט אָפּ דאָס בערגל און זעצט זיך אַוועק —
ער קוקט מיט צעפּיבערטע אויגן צום וועג...

אין גיכן אַ גילדענע קאַטש שטעלט זיך אָפּ
און זיבן פאַרשוינען שפּרינגען אַראָפּ...
— פאַרשלאָסן די קרעטשמע, דער טויער — פאַרוואָס?
זיי שרײַען צום זקן: — היי, דו, באַלעבאָס.
צעעפן דעם טויער און לאָז אונדז אַרײַן
און ברענג פונעם קעלער אַן עמער מיט ווײַן!

עס האָבן זיך אויגן צעגליט און צעברענט —
אַמאָליקע געסט האָט דער זקן דערקענט...
וואַרפט ער אין הימל די פאַרבלוטיקטע שווערד —
צאַפּלט אין ווונדן דער נײַער באַגינען,
פאַרטראָגן די קאַטש די דערשראָקענע פערד
און זיבן פאַרשוינען אין אָפּגרונט אַנטרינען.

## אויפן באַרג אין קאַלאַראַש

אין דעם שטעטל אויפן באַרג, אויפן שיפן קאַלאַראַש
איז געקומען פון דער טשאַטרע דער ציגײַנער בוליבאַש.
נענט ער גלײַך צו מילדעס הויף מיט אַ מעלקנדיקער קו:
„נעם זי, ניץ געזונטערהייט. האָסט פאַרדינט אַביסל רו.
און געזונט, קאַניצע, זײַ, דײַנע זיבן קינדער — זאַט.
גאָט וועט מוחל זײַן די זינד און באַשטראָפן לויטן טאַט,
און אַ גרוס דיר שיקט און טרייסט אונדזער אַלטער אַטאַמאַן;
שטאַרק זיך, ער איז דיר מודיע אַז געשטאָרבן איז דײַן מאַן.
כדי נישט זײַן זאָלסט קיין עגונה, גיי צום קאַלאַראַשער רב —
זאָג אים אַז דײַן מאַן מיכאַילאָ אײַנגעזונקען איז אין שלאָף
אייביקן — אין שוואַרצן וואַלד, אין קאַיאָריקן געפּריר
אַ פאַרפרוירענעם, פאַרשטאַרטן אים געפונען האָבן מיר...
אונטער וועגנס אים באַערדיקט, אויפן גרוב געלייגט אַ שטיין,
דאָרט, וווּ קיינער וועט נישט קומען, וווּ מיר וויסן נישט אַליין.
און אַ סימן — אָט דער טלית און דאָס זעקעלע פון פּליוש,
און דער סידור — געלע בלעטער, וואָס מיכאַילאָ האָט געקושט.
ווײַזן זאָלסטו אָט די זאַכן, וואָס געשען איז — גיי, דערצייל אים.
גאָט זאָל היטן דײַנע קינדער!" בוליבאַש האָט זיך געצלמט — — —

ווייי איז מיר! — געקלאָגט האָט מילדע און געבראָכן זיך די הענט,
אפשר גאָר אַראָפּ פון זינען, זי האָט קיינעם נישט דערקענט;
אויפן קאָפּ די האָר געריסן און דערמאָנט דאָס שוואַרצע יאָר,
און די קו האָט זי געשאָלטן... און קאַיאָר אַוועק צום רב
מיטן טלית און די תפילין, מיטן סידור — ווייי און וויינד!
אַן אַלמנה — זיבן קינדער, אַן עגונה — צו די זינד —
די פירפיסיקע מתנה פון די רויבער אינעם וואַלד...
צווישן ווײַבער אַ געיאָמער. אינעם שטיבל — אַ געוואַלד!
כאַדאַראַם געגאַן דאָס שטעטל פונעם שפּיצבאַרג ביזן שעס:
צי דער שטן מאַכט אַ חוזק, צי דער בורא ווײַזט אַ נס —
מילדע האָט אַ קו באַקומען, אַ געשאַנק פון אַטאַמאַן,

נאָר אַ בראָך — ער איז מודיע אַז געשטאָרבן איז איר מאַן.
אַן עגונה — האָט געפּסקנט גלײַך דער קאַלאַראַשער רב.
און עס העלפן נישט קיין טרערן; אַן עגונה און אַ סוף.
שבעה איז זי נישט געזעסן — אפשר לעבט ער, אפשר נישט.
שטייט אַ ליידיק בענקל יאָרן אויבן אָן בײַם לאַנגן טיש.
נישט קיין היתר קאָן זי קריגן און אַוודאי נישט קיין גט.

דער ציגײַנער איז אַנטרונען, אינעם וואַלד קיין גרוב — קיין סלעד.
פאָרט די ייִדענע צום רבין. זאָגט דער צדיק: אישה, וואַרט.
דער ציגײַנער, זאָגט דער רבי, האָט בלי־ספק אָפּגענאַרט.
פאָר אַרום אויף די יאַרידן, אין די דערפער פאָר אַרײַן —
אין די קרעטשמעס ווו ציגײַנערס קנאַקן ניס און זויפן ווײַן.
טאָמער וועסטו זיך דערשלאָגן צום באַרימטן אַטאַמאַן —
אפשר וועט ער זיך דערבאַרעמען און דיר אומקערן דײַן מאַן.
אַ מכשפה האָט פאַרכישופט, נאָר ער בענקט נאָך קינד און היים.
פאָר זשע, אישה, זײַ מצליח. קום צוריק... בעזרת השם — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

אַ ציגײַנערטע געקומען איז אַ מאָל צום באַרג — אַרויף:
„וואַרפן קאָרטן כ׳וועל דיר, מילדע, לאָז אַרײַן אין הויף.
אונדזער טאָכטער איז געשטאָרבן, בוליבאַש שוין אויך נישטאָ
און מיכאַילאָ — אונדזער איידעם — אַלט איז, קראַנק און גראָ.

...לאָמיר טרינקען אַ לחיים — און זי שטעלט אַוועק אַ פלאַש —
פאַר דער זינדיקער נשמה פון דעם ביטרען בוליבאַש; פאַר דער
ליבע אין דער טשאַטרע און מיכאַילאָן ווו ער איז — ערגעץ
צווישן פרוט און טינע, טשאַדיר־לונגאַ און האַרציז — — —

איז געזעסן מילדע שבעה, נישט געמאַכט האָט זי קיין רעש,
און זיך אויסגעלעבט די יאָרן אויפן באַרג אין קאַלאַראַש.

# איציק מאַנגער אין דער טשאָטרע

געגאַן איז דאָס איציק און איציקסטע יאָר —
געוואָרפן דעם דיכטער פון חלום אין וואָר,
געקידעט צוריק פון וואָר אינעם חלום,
פון גראָ ביז בלאָ, פון שפּיצבערג אין טאָלן.

...פאַרמאַכט האָט די מאַמע אירע קאַרשענע אויגן —
און איציק געוואָרן אַ פויגל...
ער פליט

אָן די קאַלאָשן אויף פליגל פון ליד — — —

פאַרלאָזט ער די נעסט אין היימישן יאַס
באַגלייט פון צוויי קלעזמער: אַ פידל, אַ באַס.
אין וועג אַריַין נעמט ער אַ פעסעלע וויַין —
דעם ערשטן לחיים, ווען אין צוג מ׳איז אַריַין

אין דרייען. דערנאָך,
ווען דער צוג נעמט זיך רירן
דעם צווייטן לחיים — איצטער אין פירן —
מיטן שכן דעם צופעליקן. אַ באַן־פּאַסאַזשיר,
אין פליושענע פלודערן, דער ציגיַינער זאַמפיר.

ער טרינקט און צאָלט פאַרן וויַין מיט אַ מעשׂה
וועגן בן־מלך און זיַין אָגער דעם וויַיסן,
ווי ס׳פירט פון סכנות אים אַרויס האַראַפּ־אַלב...
איז געוואָרן דאָס פעסעלע ליידיק ביז האַלב.

אַ פיַיף זאָגט אָן: עס נענט זיך די סטאַנציע...
דאָס פעסעלע — ביז צו דער שפּענטע, אינגאַנצן.

איז מען אַרויס פון דער באַן אויף דער גאַס:
דער דיכטער, צוויי קלעזמער — דער פידל און באַס

און דער ציגײַנער זאַמפיר — דער פערטער,
אַ בן־בית — ווו נישט? — אין די דאָזיקע ערטער.

באַלד איז מען אַרײַן אין שענק אַלע פיר:
דער דיכטער, דער פידלער, דער באַס און זאַמפיר.

האָט מען אַ פלאַש און פיר גלעזער צעשטעלט —
אויף ווײַן און לידער פון איצט שטייט די וועלט.

שפילט אַ ציגײַנער, ער קלאָגט אויפן פידל
„פאָיע ווערדע" — דאָס אַלטע לידל — — —

„אוי ציגײַנער, וואָס וועט זײַן?
רויט דאָס בלוט און רויט דער ווײַן..."

אויפגעכאַפּט האָט זיך דער דיכטער אין טשאַטרע —
געוואָרפן האָט אים די זאַמפירעבע קאָרטן:

„אַלטע ציגײַנערטע... אָט האָסטו מײַן האַנט!
טרעף ווער איך בין, אין וואָס פאַר אַ לאַנד
איז געשטאַנען מײַן וויג,
און צי וועט מיר אָט דער טונקעלער שליאַך
נאָך פירן אַהיים צוריק?"

האָט די אַלטע ציגײַנערטע גענומען זײַן האַנט:
„איך זע דיך, דיכטער, אין הייליקן לאַנד..."

אויפן קראַנקן געלעגער — אין לעצטן וועג,
נאָר כ'זע נישט דעם סוף פון דײַנע טעג...

## באַלאַדע וועגן שניידערייונג

א

הונדערט הונדערטיאָריקע דרימלען אינעם הויז,
אין דער נאַכט אויף עמעצן קוקן זיי אַרויס...

פאַלט אַריין אַ שניידערייונג און די לופט צעשפּאַלט.
שייגעץ! — זאָגט אַן אַלטיטשקער — ביסט נישט אינעם וואַלד.

לאַכט דער שניידערייונג און זאָגט: — סאַראַ שיינע נאַכט.
און צעשיט ווי פּערעלעך שטערן אויפן דאַך.

גאַפן הונדערטיאָריקע: זע נאָך זע, או־וואַ!
זאָגט דער אורח: קינדערלעך, פּתח שין מאַכט — שאַ!

שוויגן הונדערטיאָריקע, ווייזט ער נאָך אַ קונץ
ער ציט אַרויס פון העלער הויט אַ שפּיגעלע אַ רונדס.

וואַקסט דאָס רונדע שפּיגעלע ווי אַ לבנה גרויס —
שפּיגלט זיך די גאַנצע וועלט, אינעם מאַנגער־הויז.

קוקן הונדערטיאָריקע אין דער טיף אַריין —
זעען זיי אַ פענצטערל אין דער נאַכט צעשיינט.

שטייט אַ פּיצל שטיבעלע, אַ פּודעלע די גרייס,
זיצן דאָרטן קינדערלעך און לערנען אַלף־בית.

הערט מען זייערע קולעכלעך: קמץ־אַלף — אָ...
ווינטשט דער עולם: — קינדערלעך, אין אַ גוטער שעה!

זאָגט אַ הונדערטיאָריקער: — וואַרט אַ רגע, וואַרט.
זע נאָר, זע, דער חלום היינט האָט נישט אָפּגענאַרט.

ב

הונדערט קעפּ פֿאַרכמאַרעטע האָבן זיך פֿאַרטראַכט —
הונדערט הונדערטיאָריקע זיצן שפּעט אין נאַכט.

איינגעדרימלט האָבן זקנים — אפשר אַ מינוט —
זעען זיי, אַ ווײַסער וואָלקן גייט אָפּ מיטן בלוט,

און אַ פֿויגל קומט צופֿליען, זיצט ער אויפֿן דאַך,
קיצלט אים דער נאַר מסתמא — זיצט ער און ער לאַכט.

פֿרעגט אַ הונדערטיאָריקער: וואָס לאַכסטו פֿויגל־נאַר?
פֿרעגן אויבעט אַנדערע. ענטפֿערט ער: — דערפֿאַר...

כאַפּט אַ שוואַרצע קאַץ דעם פֿויגל און דאָס בילד צערינט,
הייבט אָן בלאָזן און ס׳צעפּײַפּט זיך אויפֿן דאַך אַ ווינט.

די לבֿנה האָט איר פּנים צוגעדעקט פֿאַר שרעק — — — —
זעט נאָר, זעט, אַ פֿינטעלע שײַנט עט־ווײַט אין וועג.

נענטער, נענטער, נענטער, נענטער, עמעץ גייט און קומט.
זעען זיי — אַ מאָדנער הלך, הערן זיי — ער ברומט.

ס׳האָבן הונדערטיאָריקע דעם שנײַדערויונג דערקענט
און דעם ניגון וואָס געבראַכט אַהער־צו פֿון דער פֿרעמד:

טשירע־באָם, און טשירע־באָם־באָם, און הײַדלדידל דאָם —
ייִדן, כ׳האָב געבראַכט אַ גרוס אײַך פֿון רבנו תּם.

און אַ סימן — זיבן מײַזלעך שלאָפֿן אויפֿן דיל,
כ׳האָב אַ מאַנגער־פּרײַז באַקומען פֿאַר מײַן פּורים־שפּיל.

זאָגט אַ הונדערטיאָריקער: — וואַרט אַ רגע, וואַרט!
זע נאָר זע, דער חלום הײַנט האָט נישט אָפּגענאַרט.

# דער אייביקער משל

איציק מאַנגערן לזכר

א

אַוועק איז דער דיכטער אויף שטעגן און וועגן
זוכן דעם טאָג אין לעבן — דעם בעסטן.
האָט ער פאַרבלאָנדזשעט אין קינדער־געסל
צו טאַטע־מאַמע, צו ברידער און שוועסטער.

דערשייַנט מיט אַ ליכטל אין האַנט דער זיידע:
— זוך נישט, איציק, דעם טאָג דעם בעסטן,
ביזקל נישט אויסגעלעבט האָסט זיך די יאָרן —
דער גליקלעכסטער טאָג איז אפשר דער לעצטער.

דער גליקלעכסטער טאָג איז אפשר דער לעצטער.

ב

אויף שטעגן און וועגן אַוועק איז דער דיכטער
זוכן דעם טאָג אין לעבן — דעם שענצטן.
אין שטעט, איבער לענדער האָט ער געבלאָנקעט —
פרעגט אַ צעשטראַלטע אַכסניא: — דערקענסטו?.

דערשייַנט דער זיידע — אַזוי טוט ער זאָגן: —
צי מיינסטו, איציק, דער טאָג איז דער שענצטער?
וואַרט ביזן לעצטן הויך פון דייַן אָטעם,
זוך — ביזן לעצטן שטראַל אין דייַן פענצטער.

זוך ביזן לעצטן שטראַל אין דייַן פענצטער.

ג

און זוכן דעם טאָג אין לעבן, דעם ערגסטן,
אַוועק איז דער דיכטער אין ווײַטסטער שטרעקע;
אויף טײַכן געשיפט זיך, גענידערט אין טאָלן,
געקלעטערט אויף בערג און געקרײַזט אין סטעפּעס.

ווידער־אַ־מאָל רופט דעם זיידנס קול: — זוך נישט
דעם ערגסטן טאָג ביז דער לעצטער מערכה —
אומזיסט איז די טירחה. אייניקל, זעסט דאָך,
די ביטערסטע טעג האָבן דיך נישט צעבראָכן.

די האַרבסטע טעג האָבן דיך נישט צעבראָכן.

ד

און אויסגעשיילט האָט זיך די וואָר פונעם חלום —
דער דיכטער שפּאַנט ווידער אויף שטעגן פון מאָרגן
און וואַרט אויף די טעג: דעם שענצטן און בעסטן,
און ביטערסטן — זענען זיי אַלע פאַרבאָרגן.

און איין מאָל האָט אָנגעקלאַפּט עמעץ פון דרויסן,
דעם לעצטן שטראַל אינעם פענצטער פאַרלאָשן,
צוקאָפּנס צוויי וואַקסענע ליכט אָנגעצונדן
און שאָטנס דערציילן דעם אייביקן משל.

שאָטנס דערציילן דעם אייביקן משל.

# באַלאַדע וועגן פּאָעט

אין הויז ווו ס׳האָט געוווינט אַמאָל דער דיכטער
דערציילן ווענט אַ טרויעריקע געשיכטע —

דעם דיכטערס לעבן — אונטער שלאָס און גלאָז
פון ערשטן טראָט און ביזן לעצטן אות.

עס זאָל די צײַט, חלילה, נישט צעשטערן
קיין פּינטעלע, קיין פלעק פון טינט און טרערן.

אויף אַלע ווענט געגראַמטע לײַכטער ברענען;
געגראַמטע ליבע און געגראַמטע ברעמען,

געגראַמטע ליפּן און געגראַמטער חן —
דער דיכטער נישט־געגראַמט פאַרבלײַבט אַליין:

זיך מיטן לעבן נישט געקאָנט פאַרגראַמען,
ווי ס׳גראַמט זיך נישט דער תּלין מיט אַ מאַמען — — — —

דער עולם קומט. מיט פאָרכטיקייט פאַרדינטער
באַטראַכט די שטול, זײַן שרײַבטיש און דעם טינטער;

דעם אַשנבעכער און בלעטלעך פון בלאָקנאָט,
ווו יעדעס וואָרט — אַ פּנײַערל פון גאָט;

אין אַ יעדן אות — דער פונק פון גײַסט און שירה,
אַ יעדע שורה — שפּײַטערס פון יצירה — — — — —

דער עולם טרעט אויף דיכטערס ערד צעגליטער
און שלעפּט די לאַסט פון ווונד־און־וואַנדער לידער

דורך טעג געברענטע און געהאַקטע יאָרן
מיט כלאָמפּערשט פריידן און מיט ליידן וואָרע.

און טראָט נאָך טראָט, ווען ס׳קומט צום לעצטן ליד,
צעבראָכן איז מען — בליי איז יעדן גליד...

אין שווער געמיט אַ מענטש פאַרלאָזט דאָס הויז,
ער אָטעמט אָפּ, ער גייט אַהיים — און אויס — —
— — — — — — — — — — — — — —

נאָך שפּעט, אין היכל־שיר — נאָך האַלבער נאַכט,
ווען שטרענג פון דרויסן איז דאָס הויז באַוואַכט,

דער אַלטער דיכטער נידערט פון פּאָרטרעט
און אויף די שפּורן פון זיין ערשטן ליד ער טרעט...

נאָך יונג איז ער און זיינע טרוימען פריש,
די גאַנצע וועלט אַרום — זיין אַרבעטסטיש.

עס ברויזט דאָס בלוט און ווינטן בלאָזן נייע,
און זיינע יונגע לידער — פייגל פרייע...

נאַכט־איין נאַכט־אויס מיט ווינט און בלוט אין טינטער
ער גייט אַדורך זיין פרילינג און זיין ווינטער

דורך גאַל און שפּאָט און זיבן יאָרן שווערע
צו לויב און רום און מחנות פון פאַרערער;

פון ערשטן ליד, פון פיצל ביכל דינעם
ביז קרוין אין דער פּאָעטישער מדינה...

פון ליד צו ליד אַ נאַכט אַ גאַנצע גייט ער —
אַ ליד אַ נישט־דערזונגענע באַגלייט אים.

פון בוך צו בוך ער גייט אַרום ביז טאָג —
עס גייט אים נאָך אַ וואָרט וואָס נישט דערזאָגט.

צי טעג האָט ער פאַרגראָווט, צי נעכט פאַרבלאָווט —
עס גייט נאָך פוסטריט די צײַט און שטראָפט.

עס גייט אים נאָך דער שאָטן פון זײַן שאָטן
און גריבער וואָס דער ווינט האָט נישט פאַרשאָטן.

און ווען ער קומט קאַיאָר צום לעצטן ליד,
צעבראָכן איז ער — בלײַ אין יעדן גליד...

פון זיך ער וויל אַוועק, פון עלנט־לויער —
עס שטייט די וואַך, פאַרשלאָסן טיר און טויער.

באַשליסט ער זיך — נישט אָפּלייגן אויף שפּעטער —
די גרויסע עוולה קעגן זיך באַגייט ער — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

דער ערשטער שטראַל דעם דיכטערס וווּנד פאַרציט —
ער קערט זיך אום צוריק — צום ערשטן ליד.

אַ בת־קול שאַלט: „ס'איז קיינמאָל נישט צו שפּעט!"
און ווידער קוקט ער יונג פון זײַן פּאָרטרעט.

# באַלאַדע וועגן ריטער פון לידערסלאַנד

„עפּן זיך, טויער,
נענטער זיך, שוועל,
איך קום צו דיר ווידער,
צימערל־צעל.
**ה. לייוויק**

זילבערנע וואָלקנס, פאַרכמאַרעטע קעפּ —
ריטער פון לידערלאַנד רײַטן.
שטראַלן ווי שפּיזן אין שקיעה־געפּעכט
פינקלען אין זילבערנעם שײַטער.

אָנגעשפּיצט אויערן אויף וועלן פון וויי,
ייִדיש־פאַרצויבערטע היטער,
ס'רײַטן אויף אומרו צו אייביקער רו
זיבן און זיבעציק ריטער.

פראָסטיקער ציטער פון שטערן אויף שניי,
ווײַסער פאַרשוויגענער גליווער —
סטעפּעס סיבירער אין שימער פון שײַן,
שרײַיִקע שטילקייט פון שבעה — — —

זיבן פאַרנייגטע, פאַראַשיקטע קעפּ
וואַרגן דעם צער אין שתיקה —
זיבן און זיבעציק ריטער פון וואָרט
זינגען דאָס ליד פון צוריקקער:

„עפּן זיך, טויער, נענטער זיך, שוועל...״
טרייסט נישט די ייִדיש־אַבלים;
ריטער פון לידערלאַנד גייען אַוועק —
ווער וועט די יאָרצײַטן ציילן?

# נאָכוואָרט

„זיבן פון איין שיף" — איז אַן אָפּקלײַב פון באַלאַדעס און באַלאַדיש פון אַלע פיר פריִער דערשינענע זאַמלונגען, דערונטער נײַע יצירות וואָס האָבן זיך אין ערגעץ קודם נישט געדרוקט.

די פערציק לידער און באַלאַדעס — פון בערך פיר הונדערט — בילדן אַ נײַע פּאַנאָראַמע צוליב דער רעלאַטיווער איינהײַטלעכקייט און דעם שאָטן פון יענוועלטיקייט און אָנדענק בעיקר...

דאָס רוב באַלאַדעס האָב איך אויפסנײַ איבערגעשריבן, איבערגעקוקט זיי און צוגעשריבן — אַ וואָרט, אַ שורה, אַ סטראָפע — וואָרט־שאַפונג איז אַ פּראָצעס אַ ריזלדיק־שטראָמענדיקער — און

כאָטש גרייטע צום דרוק האָב איך נאָך כתב־ידן צוויי, פאָרצוג געגעבן האָב איך דעם דאָזיקן — דאָס סאַמע טײַערסטע ווידמען מײַן חברטע — ווײַל ווער ווייסט צי וועל איך נאָך עפּעס באַווײַזן.

אין לעבן — גענוג... ווייניקער, מער — אַ רינגעלע דאָך בין איך געווען. איך זע, נישט איבערגעריסן די קייט איז, אַ נײַע בשורה האָב איך געהערט — אַ קינד רעדט יִידיש. יאָ.

מיר גייען אַוועק, נאָר מיר וועלן קומען, אויב עמעצער וועט אונדז דערמאָנען און רופן. פון גרוב, פון דער פּאָליצע — טרוקענע ביינער און ביכער פאַרשטויבטע פון צײַט. איך גלייב!

אַ יובל יאָרן (1982—1932) — זיבן מאָל זיבן פּעטע און מאָגערע — פונעם ראָזעווען שפּראָץ אויף וועגן — פון „אָנזאָג" ביזן טרויעריקן ריטער־מאַרש פון לידערלאַנד צו לעצטער שקיעה;

פון דער באָבעס „בלינדע נאַכט" אין גלות — ביזן ליכטיקן קאַיאָר אויפן וועג קיין ירושלים צווישן די בערג פון יהודה — אַ מהלך פון צוויי טויזנט יאָר בערך און ממש —

אַ שפּרונג פון איין וועלט אין צווייטער דורכן פײַערדיקן רונג, ווי אַ לייב אין דער אײַזערנער שטײַג — אין אַ וועלט פון אייביקער שינאה — צווישן פאַרשטעלונגען צוויי...

ח. ז.

## באַמערקטע דרוק־פעלערן:

אויף זייט 15 שורה 10, שטייט **בלויי**, עס דאַרף זיין: **בלוי**

" " 39 " 8, צווישן **ברעכט** און לענד, דאַרף אַריינקומען: **מען**

" " 29 " 9, שטייט **פאַרגאָרטלט**, עס דאַרף זיין: **פאַרגאַרטלט**

" " 41 " 15, צווישן **הייזער** און **שאָרך** דאַרף אַריינקומען: **קיין**

" " 43 **איז די שורה 5 איבעריק**

" " 50 " 10, שטייט **פלאַמען**, עס דאַרף זיין: **פלאָמען** (פלוימען)

" " 73 " 16, **איז די וואָס איבעריק**

" " 82 " 5, שטייט **יאַרן**, עס דאַרף זיין: **יאָרן**

" " 93 (**אין נאָכוואָרט**) שורה 15, פעלט צום סוף: **איך האָף...**

# אינהאַלט

## ביכער פון חיים זעלצער:

### רו אין רויִנען
לידער און באַלאַדן
צייכענונגען — פון מחבר
פאַרלאַג „המנורה״, תל־אביב, 1975

### פון היימישן ברונעם
לידער און באַלאַדן
פאַרלאַג „ישראל־בוך״, תל־אביב, 1976
צייכענונגען — פון מחבר

### אין גרינעם טאָל
לידער און באַלאַדן
צייכענונגען — פון מחבר
פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1978

### שאָטנס אין מידבר
לידער און באַלאַדן
פאַרלאַג „ישראל־בוך״, תל־אביב, 1979

### זיבן פון איין שיף
באַלאַדעס און באַלאַדיש
פאַרלאַג „ישראל־בוך״, תל־אביב, 1982

חיים זלצר
דרך מגדיאל 38/17, הוד השרון 45 282